די

# קרייצער סאנאטא

(КРЕЙЦЕРОВА СОНАТА)

פון

## לעוו טאָלסטאָי

איבערזעצט פון

## אב. קאהאן

אַרויסגעגעבען פון

„פאָרווערטס"

1911

# איבערזעצער'ס פאָרוואָרט

כמעט יעדער וואָס ווייס אז עס איז געווען א גרויסער שרייבער מיט'ן נאָמען טאָלסטאָי, ווייס אויך אז מען רעדט וועגען צווייערליי טאָלסטאָים: טאָלסטאָי דער קינסטלער און טאָלסטאָי דער דענקער; אז דעם ערשטען טאָלסטאָי שטעלט מען זעהר הויך, און דער צווייטער ווערט שטאַרק קריטיקירט.

אלס דענקער האָט טאָלסטאָי אויך געהאט אונגעוועהנליכע פעהיגקייטען. ביי אידען וואָלט מען זאָגען אז ער האָט געהאט א גמרא־קאָפּ. זיין לאָגיק איז געווען א שאַרפע און א קלאָרע. ער פלעגט מיט איהר אָבער זעלטען געהן אויפ'ן גלייכען וועג ביז'ן ענד. ער פלעגט אָפט פערקריכען צו די ווילדסטע שליסע. ריכטיגער געזאָגט, אָפט פלעגט ער די שליסע זיך אריינגעהמען אין קאָפּ איידער ער האָט געהאט די ארגומענטען, און מיט זיין פעהיגען מאַרך פלעגט ער שוין שאפען אזעלכע ארגומענטען וואָס זאָלען איהם צו דיעזע שליסע פיהרען.

ער איז געווען א רעליגיעזער מענש, מיט רעליגיעזע געפיהלען און מיט א רעליגיעזע פורכט פאר'ן טוידט. א רוסישער קריטיקער רופט איהם אָן „דער גרויסער געוויסען". אבער זיין געוויסען האָט אין זיך א רעליגיעזע הארץ געהאט. און דיעזע רעליגיעזע הארץ האָט בעאיינפלוסט אלע זיינע געדאנקען. דער רעזולטאט איז געווען, אז ווען ער פלעגט אָנפאנגען צו דענקען, פלעגט ער דענקען ווי א תלמודיסט. דער תלמודיסט האָט אויך א שאַרפע לאָגיק און א גלייכע לאָגיק, זיין וועגווייזער אָבער איז אבערגלויבען, אלזא געהט ער גלייך, גלייך, און פערקריכט פאָרט אין א פלאָנטער.

אין די צווייטע העלפט פון דיעזען באנד, נאך דער איבער־זעצונג פון „קרייצער סאָנאטא", וועט דער לעזער געפינען אן איבערזעצונג פון טאָלסטאָי'ס נאָכוואָרט צו דיעזער ערצעהלונג. דאָרטען ערקלערט ער זיין שטאנדפונקט וועגען דער הייראטה־פראגע. דיעזער נאכוואָרט לעזט זיך כמעט ווי א בלאט גמרא. לעזענדיג זעהט איהר אז דער שרייבער איז א חריף. זיין גאנצער געדאנקענגאנג האט דא אבער אזוי וועניג ממשות ווי די פשט'לעך פון א פעהיגען דרשן.

די שוואכקייטען פון טאָלסטאָי דעם דענקער, זעהט איהר אלזאָ אין דיעזען נאכוואָרט זיינעם. זיין קונסטווערק „די קרייצער סאָנאטא" גופא ענטהאלט אבער אויך א ביישפיעל פון דיעזען זאָרט טאָלסטאָי.

אין א געוויסע בעציהונג איז „די קרייצער סאָנאטא" אן אויסנאהמע צווישען זיינע ווערק.

געוועהנליך שטערט טאָלסטאָי דער דענקער טאָלסטאָי דעם קינסטלער ניט. אין דיעזען ווערק אבער האט איינער דעם צווייטען אביסעל יא געשטערט.

ווי טאָלסטאָי זאָגט אליין אין זיין נאכוואָרט, האט ער דיעזע ערצעהלונג געשריעבען מיט דעם צוועק צו דרש'ען געוויסע פרינציפען וועגען דער הייראטה. א קינסטלער דרש'נט אבער ניט, א קינסטלער מאָהלט.

ווי אזוי פרעדיגט טאָלסטאָי זיינע געדאנקען וועגען דער הייראטה אין „קרייצער סאָנאטא"?

ער האט בעשאפען א מאן מיט'ן נאָמען פאָזדנישעוו, און דיעזער פאָזדנישעוו רעדט דאָס, וואָס טאָלסטאָי וויל זאָגען: פאָזדנישעוו איז דער דרשן; די דרשה אָבער האט פאַר איהם אויפגעשריעבען טאָלסטאָי.

אין „אננא קארעניגא" האלט לעווין טאָלסטאָי'ס דרשות. לעווין איז אָבער טאקע טאָלסטאָי. ער איז אויפגעמאָלט מיט זיין פערזענליכקייט אלס טאָלסטאָי. פאָזדנישעוו אָבער איז אויפגעמאָלט ניט אלס טאָלסטאָי. דער נערוועזער, האלב־וואהנזיניגער, אונרוהיגער פאָזדנישעוו איז

ניט טאָלסטאָי. און ווען ער רעדט טאָלסטאָי'ס געדאַנקען מיט טאָלסטאָי'ס שאַרפזיניגקייט, מיט טאָלסטאָי'ס מערקווירדיגע פעהיגקייט, פיהלט זיך אַז דאָס איז אַן אונטערגעשטעלטע פערזאָן.

ווייטער: פּאָזדנישעוו'ס געדאַנקען, אַז די הייראַטה איז אַן עקעלהאַפטער פערברעכען, אַז מענשען טאָרען דיעזען פער־ברעכען ניט בעגעהן, איז נאַטירליך אַ משונה'דיגער געדאַנק. ווען איהר האָט אין זינען אַז דאָס האָט זיך אויסגעאַרבייט אין דעם מח פון אַ מענשען, וועלכער האָט געטויטעט זיין פרוי אויס אייפערזוכט און וועלכער זיצט אין טורמע אַ צוזאַמענגעבראָכע־נער, אַ צוריסענער קערפּערליך און גייסטיג, — קלערט איהר זיך: נו, אַזאַ וואַהנזיניגער געדאַנק קען צווישען געוועהנליכע מענשען בלויז אַריינפאַלען אין דעם מאַרך פון אַ פּערזאָן וואָס געפינט זיך אין אַן אונגעוועהנליכען גייסטיגען צושטאַנד. איינפאַכער גערעדט: אַ געוועהנליכער מענש דאַרף זיין האַלב משוגע אום צו קומען צו אַזעלכע אידעען.

טאָלסטאָי איז אָבער ניט קיין געוועהנליכער מענש. ער איז אַ גאון, און ניט אומזיסט זאָגט מען אַז גאונים און וואַהנ־זיניגע זיינען נאָהנטע שכנים. דאָס, צו וואָס אַ פּאָזדנישעוו קען זיך דערטראַכטען בלויז ווען ער איז אין אַן אונגעוועהנליכען צושטאַנד, קומט ביי אַ טאָלסטאָי אַרויף אויפ'ן געדאַנק, ווען ער איז אין אַ גאַנץ געוועהנליכער לאַגע.

די אורזאַכע וואָרום טאָלסטאָי האָט זיין דרשה אַריינ־געלעגט אין מויל פון אַ האַלב־וואַהנזיניגען פּאָזדנישעוו, איז לייכט צו פערשטעהן.

טאָלסטאָי דער קינסטלער האָט געפיהלט אַז אַזעלכע געדאַנקען קען האָבען בלויז ער, אַ טאָלסטאָי, וועמעס מאָראַלע לעהרען זיינען פול מיט משונה'דיגע זאַכען; ער האָט געפיהלט, אַז אַ געוועהנליכער מענש וואָלט אַזעלכע געדאַנקען געקענט אויסאַרבייטען בלויז דאַן, ווען ער איז אין אַן אונ־נאָרמאַלען צושטאַנד.

טאָלסטאָי דער דענקער האָט אַלזאָ טאָלסטאָי דעם קינסט־

לער אַ פֿיסעל אונטערגעשטעלט. מיט זיין פֿאָזדנישעוו האָט טאָלסטאָי זיך אַליין וואָהנזיניגער געלופען.

דאָס איז ניט דאָס ערשטע מאָל וואָס איין טאָלסטאָי טהוט אָב אַ שפּיצעל דעם אַנדערען. געוועהנליך איז דער זיעג פֿון די קונסט איבער איהם אַ פֿאָלשטענדיגער. דאָ אָבער האָט די קונסט ניט אין גאַנצען געזיעגט.

דאָס געהט אָבער נור אויף דעם שלוס פֿון דער ערצעהלונג. און אייגענטליך ניט אויף די ערצעהלונג אין אַלגעמיין, נור אויף פֿאָזדנישעוו׳ס ווערטער.

די ערצעהלונג אַן און פֿיר זיך אַלס אַן ערצעהלונג, איז אַ טאָלסטאָי׳שע מייסטערווערק. דער פֿאַמיליען־לעבען צווישען פֿאָזדנישעוו מיט זיין פֿרוי איז אויפגעמאָלען מיט אַזאַ בולט־קייט, מיט אַזאַ לעבהאַפֿטיגקייט, מיט אַזאַ טיעפֿקייט, אַז ווען טאָלסטאָי וואָלט קיין אַנדער זאַך ניט געשריעבען ווי דיעזע, וואָלט דאָס אויך געווען גענוג איהם צו שטעלען צווישען די גרעסטע קינסטלער פֿון דער וועלט. און שילדערנדיג דיעזען ספּעציעלען פֿאַמיליען־לעבען וואַרפֿט ער שטראַהלען אין געוויסע ווינקעלעך פֿון אַלע אַנדערע פֿאַמיליען־לעבענס.

דער בוך איז פֿול מיט שטריכען וועלכע עפֿענען די אויגען; וועלכע מען קען קיין מאָל ניט פֿערגעסען.

דער פּאָרטרעט פֿון דעם מוזיקער, טרוכאַטשעווסקי, איז איינער פֿון די מערקווירדיגסטע וועלכע מען קען אָנווייזען אין אירגענד וועלכע ליטעראַטור. אייך דוכט זיך אַז איהר האָט איהם אַליין געזעהען מיט די אויגען. אייך דוכט זיך אויך, אַז קוקענדיג אויף איהם האָט איהר איהם אריינגעקוקט אין האַרצען און פֿערשטאַנען וואָס ער מיינט און ווי ער פֿיהלט ביי יעדען וואָרט וואָס ער האָט אַרויסגערעדט, ביי יעדע באַוועגונג וואָס ער האָט געמאַכט. קיין לעבעדיגערע פֿיגור האָט טאָלסטאָי אין ערגעץ ניט, קיין לעבעדיגערע קען ניט זיין.

אין טאָלסטאָי׳ס ווערק זיינען פֿאַראַן שטעלען, וועלכע זיינען בעריהמט געוואָרען אַלס פּסיכאָלאָגישע ענטדעקונגען.

איינע פון דיעזע בעריהמטע שטעלען געפינט זיך אין „קרייצער סאָנאטאַ“.

מען מיינט, אז ווען אַ מענש געפינט זיך אין אַ שרעקליך־אויפגערעגטען צושטאנד ווייס ער ניט וואָס ער טהוט און קען שפּעטער ניט געדענקען וואָס ער האָט געטהאָן. ווען אַ מענש האַלט ביים שטעכען זיין פרוי אוים אייפערזוכט, טהוט ער דאָס כמעט בעוואוסטלאָז. אזוי גלויבט מען. טאָלסטאָי מאָהלט אין „קרייצער סאָנאטאַ“ אויף אַ בילד, אין וועלכען ער ווייזט אַז געוועהנליך איז דאָס ניט אמת. פּאָזדנישעוו געדענקט יעדע סעקונדע פון דער שרעקליכער סצענע. אדרבא, ער געדענקט עס נאָך דייטליכער ווי די זאכען וואָס זיינען מיט איהם פּאָרגעקומען ווען ער איז געווען רוהיג. צום ביישפּיעל: ער עראינערט זיך מיט אַ שרעקליכע קלאָרקייט ווי בשעת ער האָט אריינגערוקט דעם שפּיעז זיין פרוי אין קערפּער, האָט די שטאָהל אויף אַ האַלבע סעקונדע זיך פערהאַלטען אָן עפּעס אַ שטערונג (דער קאָרסעט), און אז נאָך דעם האָט זיך דאָס אריינגעלאָזען אין עפּעס ווייכעס. איהר לעזט עס און איהר ווערט איבערראַשט פון אייער אייגענעם געפיהל אז דאָס איז ריכטיג. און אַלעס שטעהט פאַר אייך אזוי ווי פאַר די אויגען.

דאָס זעלבע מיט די ווייטערדיגע סצענעס.

ווען מיר שרייבען דיעזע ווערטער זיינען מיר דורכ־געדרונגען מיט דעם ריח פון דעם קאַרבאָל וועלכער האָט זיך ארומגעטראָגען אינ'ם קראנקען־צימער. אָט ליעגט זי דאָרט, די שטאַרבענדע, מיט איהר אונטערגעשלאָגענע אויג, מיט איהר העסליך־געוואָרענעם פּנים, מיט איהרע אויפגעהויבענע פּיס.

ווען דער ראָמאַן איז ארויס אין ענגליש, האָט מען איהם דאָ פערבאָטען צו שיקען דורך פּאָסט. וואנאַמייקער איז דאַן געווען דער פּאָסטמייסטער דזשענעראַל און ער האָט דאָס ארויסגעלאָזען דעם בעפעהל. אין זיינע פילאַדעלפיער און ניו יאָרקער סטאָרס האָט אָבער דערזעלבער וואנאַמייקער פער־קויפט הונדערטע־טויזענדע קאָפּיעס פון דיעזער וועלט־בעריהמטער מייסטערווערק.

V.

די בעשולדיגונג אז די ערצעהלונג איז אן אונמאראלישע, איז א נארישע צבוע'טסטווא, און וואנאמייקער האט מיט דיעזער ווידערשפרעכענדער האנדלונג זיינער געדיענט אלס א לעבעדיגער בעווייז דערצו.

צווישען די טענות וואס מען פלעגט הערען וועגען דער קרייצער סאנאטא" איז געווען אן ערקלערונג, אז אזעלכע פעלע ווי מיט פאזדנישעוו'ן זיינען אן אויסנאהמע. געוויס! געוויס מערדערט ניט יעדער מאן זיין פרוי אוים אייפערזוכט! אבער דיעזע אויסנאהמע איז א ווירקליכע, און דער מאלער האט איהר געמאכט ווירקליך. א חוץ דעם, — פיעלע פון דעם וואס פאסירט צווישען פאזדנישעוו מיט זיין פרוי, איידער עס קומט צו דעם מארד, קומען אויך פאר ביי טויזענדער פאמיליען, ביי וועלכע עס קומט צו קיין מארד ניט.

גליקליכע פאמיליען — זאגט דערזעלבער טאלסטאי אנדערשוואו — זיינען אלע גליקליך אויף דעמזעלבען שטייגער; ווען א פאמיליע איז אבער אונגליקליך, איז יעדע אונגליקליך אויף איהר בעזונדערען שטייגער. ניט ביי אלע אונגליקליכע קומט עס צו מארד, ניט אלע מענער זיינען אזוי ווילד אייפערזיכטיג ווי פאזדנישעוו.

איז פון דער „קרייצער סאנאטא" צו דרינגען אז יעדע פאמיליע איז אונגליקליך?

מיר גלויבען אז ניט. ניט דאס וואס פאזדנישעוו (דאס הייסט טאלסטאי) זאגט, איז וויכטיג, נור דאס וואס אין דער ערצעהלונג ווערט געשילדערט. און געשילדערט ווערט נור איין פאר פאלק, איינע פון די אונגליקליכע.

עס זיינען אבער פאראן גליקליכע אויך.

**א. ק.**



און איך זאָג אייך, אז יעדער וואס קוקט אויף א פרויענצימער מיט תאוה, בעגעהט שוין מיט דעם, ביי זיך אין הארצען, דעם פערברעכען פון א מאַן וואס לעבט מיט א פרעמדע פרוי.

(מאַטיוס, קאַפּיטעל 5. פּסוק 28).

זיינע תלמידים האבען צו איהם געזאָגט, אויב אזוי איז דיא פליכט פון א מאַן צו א פרוי, איז דאָך שוין בעסער ניט צו הייראַטהען; האט ער אויף דעם געענטפערט: ניט יעדער איז פייהיג אנצונעהמען דיעזע ווערטער, בלויז דיא וואס זיי־נען בעשאָנקען מיט אזא גאָב.

(מאַטיוס, קאַפּיטעל 19, פּסוק 10 און 11 *).

## 1

דאס איז געוועזן אין פריהלינג־צייט. מיר זיינען שוין געוועזן אין וועג דעם צווייטען טאָג. ביי יעדע סטאַציאָן זיינען אין וואַגאָן אייניגע פּאַסאַזשירען אריין און אייניגע זיינען פון איהם ארויס; דאס זיינען געוועזן דיא, וואס האָבען געהאט ניט ווייט צו פאַהרען. אָבער דריי פון דיא פּאַסאַזשירען האָבען געררייזט פון דעם אָנפאַנג פון דער ליניע אָן, אזוי וויא איך. דיעזע דריי זיינען געוועזן: א ניט־קיין־שעהנע און ניט־קיין־יונגע דאַמע מיט אַן אויסגעמאַטערטען פּנים, וועלכע האָט געררויכערט פּאַפּי־ראָסען און האָט געטראָגען א היטעלע און א מין מאַנס־בילשען מאַנטעל. דער צווייטער פּאַסאַזשיר וואס איז געפאָהרען דיא גאַנצע וועג, איז געוועזן א מאַן פון א יאָהר פערציג, א בעלן אויף צו שמועסען. ער איז געוועזן נעט געקליידעט אין שפּאָגעל־נייע בגדים; דער דריטער איז געוועזן איינער, וואס האָט זיך גע־

---

*) דיעזע פּסוקים פון עוואַנגעליום (דיא קריסטליכע תורה) שטעלט טאָלסטאָי אָלס א מאָטטאָ, אָלס א שליסעל צום הויפּט געדאַנק פון זיין ערצעהלונג. — דער איבערזעצער.

האַלטען פון דער ווייטענס פון אַלעמען, — א מאַן מיט נער־וועזע בעוועגונגען, ניט קיין הויכער און נאָך ניט קיין אַלטער, מיט גרויע, געגרייזעלטע האָאר, וועלכע, וויא מען האָט גע־קענט פערשטעהן, זיינען ביי איהם גראָה געוואָרען פאָר דער צייט. דיעזער פאסאזשיר האָט געהאט אונגעוועהנליך בליש־צענדע אויגען, וועלכע זיינען האסטיג איבערגעלאָפען פון איין זאַך צו דער אַנדערער. זיין אויבער־ראָק איז געווען אַן אַלטער, אָבער געניית האָט איהם א טהייערער שניידער. דער אויבער־ראָק האָט געהאט א קאראקולענעם קאָלנער. און אויפ'ן קאָפּ האָט דער מאַן געטראָגען א הויכע קאַראַקולענע היטעל. ווען ער פּלעגט זיך אָפּשפּילעווען דעם פוטער, האָט זיך געזעהען א ראָק, וואָס איז געווען פערשפּילעט אָן א זייט, און אַן אויסגענייטע דוסישע העמדעל. דיעזער מאַן האָט צו זיך געצויגען אויפ־מערקזאמקייט מיט דעם, וואס צייטענווייז פלעגט ער פון האַלז ארויסלאָזען א זאָנדערבארען קלאנג, — א מין פערשטיקטען הוסט אדער עפּעס אזוי וויא א געלעכטער, וואס מען פאנגט אָן און מען האקט פּלוצלונג איבער.

דיא גאַנצע וועג האָט דיעזער מאַן אויסגעמיידעט מיט זיינע מיט־רייזענדע בעקאנט צו ווערען, אָדער אַריינצולאָזען זיך אין א געשפּרעך מיט זיי. ווען דיא, וואס זיינען געזעסען לעבען איהם, פּלעגען צו איהם אָנהויבען ריידען, פלעגט ער זיי אָפּענטפּערען קורץ און אונפריינדליך און פלעגט אליץ ענט־ווערער לעזען, אָדער קוקען דורך'ן פענסטעריל און רויכערען; אָדער, אז ניט, פלעגט ער זיך נעהמען צו זיין אַלטען רייזע־זאַק, טרינקען טהיי און צובייסען.

מיר האָט זיך געדוכט, אַז זיין איינזאמקייט איז איהם שווער צו פאַרטראָגען, און איך האָב עטליכע מאָל זיך געקלי־בען מיט איהם זיך פארנאנדער־צו־ריידען; אָבער יעדעס מאָל, וואס מיר האָבען זיך בעגעגענט מיט דיא אויגען (און דאָס האָט געטראָפען אָפט, ווארים מיר זיינען געזעסען איינע אנט־קעגען דיא אַנדערע, הגם ניט פונקט אַנטקעגען)—יעדעס מאָל, ווען מיר האָבען זיך בעגעגענט מיט דיא אויגען, האָט ער זיך

אָפּגעקעהרט און זיך גענומען צו זיין בוך אָדער זיך פארקוקט אין פענסטער.

איין מאָל, דאָס איז געווען פארנאכטליך, דעם צווייטען טאָג פון אונזער רייזע, ווען מען האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף א גרויסע סטאַציאָן, איז דער נערוועזער מאַן אַרויס אויפ'ן וואקזאל נאָך הייסע וואַסער, און, אַריינקומענדיג צוריק אין וואַגאָן אַריין, האָט ער פארבריהט טהיי. דער נעט־געקליידעטער מאַן אָבער — וועלכער, וויא איך האָב זיך נאכהער דערוואוסט, איז געווען אן אדוואָקאט — איז מיט זיין נאכבארין, דיא דאַמע, וואס האָט גערויכערט פאפּיראָסען און געטראָגען א מענערשען מאנטעל, אַוועק טרינקען טהיי אין דעם בופעט פון וואָקזאַל.

דערווייל זיינען אין וואַגאָן אַריינגעקומען עטליכע נייע פאסאזשירען. צווישען זיי איז געווען א הויכער, געגאָלטער אַלטער מאן מיט קנייטשען אין פנים, וועלכער האָט אויסגעזעהען וויא א קיפּיעץ (סוחר). ער האָט געטראָגען א נעלקענעם פוטער און א געוועטענע היטעל מיט א זעהר גרויסען קאָזיראָק. ער האָט זיך געזעצט אנטקעגען דעם אָרט, וואס האָט געהערט צו דעם אדוואָקאט מיט דער דאַמע, און ער האָט אויפ'ן שטעל אָנגעפאנגען צו ריידען מיט א יונגען מאן — א פּריקאסטשיק (קלויירק), וויא עס האָט אויסגעזעהען, — וועלכער איז אַריין אין וואַגאָן מיט איהם צוזאַמען.

איך בין געזעסען אָן א זייט; און, אזוי וויא דער צוג איז געשטאַנען, האָב איך, ווען קיינער איז ניט פערבייגעגאַנגען און ניט געשטערט, געקענט הערען פיעלע ווערטער פון זייער שמועס.

דער קופּיעץ האָט צוערשט ערקלערט אַז ער פאהרט אין זיין מאיאָנטאָק, וועלכער געפינט זיך ביי דער נעקסטער סטאַציאָן; נאכהער האָבען זיי, וויא דער שטייגער איז, זיך צורעדט וועגען פּרייזען, וועגען האַנדעל, וועגען דעם וויא אין מאָסקווע ווערען היינט געפיהרט דיא געשעפטען, — ביז זיי האָבען זיך דערעדט וועגען דעם ניזשני־נאָווגאָראָדער יאָהר־

מאַרק. דער פּריקאַסטשיק האָט אָנגעהויבען צו דערצעהלען, וויא אַ געוויסער רייכער קופּיעץ, וועלכען זיי ביידע האָבען געקענט, האָט אויף דעם יאָהר־מאַרק פערהוליעט פיעלע טויזענדער. דער אַלטער מאַן האָט איהם אָבער איבערגעשלאָגען די רייד און האָט גענומען דערצעהלען וועגען אמאָליגע הולאַנקעס אין קונאַווין. אין וועלכע ער האָט אַליין אנטהייל גענומען. מען האָט געקענט זעהן, אַז ער האַלט זיך גרויס מיט זיין חלק אין דיעזע הולאַנקעס, און מיט פרייד האָט ער אָנגעהויבען צו שילדערען, וויא ער האָט אמאָל מיט דעם זעלבען רייכען בעקאַנט׳ען זייערען שכור׳ער־הייט אָפּגעטהאָן עפּעס אַ שפּיצעל. וואָס פאַר אַ זאָרט שפּיצעל דאָס איז געוועזן, האָב איך געקענט פערשטעהן פון דעם ,וואָס די געשיכטע איז דער אַלטער געצוואונגען געווען צו ענדיגען שטילינקערהייט, און וואָס דערביי האָט זיך דער פריקאַסטשיק צולאַכט אויף׳ן קול, און דער אַלטער אַליין האָט אויך אָנגעפאַנגען צו לאַכען, ארויסשטעלענדיג צוויי געלע ציין.

ניט ערוואַרטענדיג צו הערען עפּעס אינטערעסאַנטעס, בין איך אויפגעשטאַנען, כדי זיך דורכצושפּאַציערען אויף דער פּלאַטפאָרמע פון וואַקזאַל ביז דער צוג וועט נעהמען געהן. אין טהיר האָב איך זיך אָנגעטראָפען מיט דעם אַדוואָקאַט און מיט דער דאַמע, וועלכע זיינען אין דיעזער מינוט געווען פערטיעפט אין אַ געשפּרעך.

— איהר וועט ניט פאַספּייען, — האָט צו מיר געזאָגט דער אַדוואָקאַט — באַלד וועט מען קלינגען.

און ער האָט טאַקע געהאַט רעכט: איך בין נאָך ניט דערגאַנגען ביז דעם לעצטען וואַגאָן, וויא מען האָט טאַקע גענומען קלינגען. ווען איך האָב זיך אומגעקעהרט אין מיין וואַגאָן, האָט דער אַדוואָקאַט מיט דער דאַמע נאָך אַלץ געהאַלטען אין ריידען. דער אַלטער קופּיעץ איז שטיל געזעסען אנטקעגען זיי, קוקענדיג מיט אַ שטרענגע מינע אויף די לופּט פאַר זיינע אויגען; צייטענווייז האָט ער אַ קיי געטהאָן מיט די ציין מיט אַ מינע פון אונצופריעדענהייט.

— דערנאָך האָט זיא אָפען ערקלערט איהר מאַן — האָט דער אדוואָקאט געזאָגט מיט א שמייכעל (דיעזע ווערטער האָב איך דערהערט אין דער מינוט, וואס איך בין פארביי זיי פארבייגעגאנגען) — דערנאָך האָט זיא אָפען ערקלערט איהר מאַן, אַז זיא קען ניט און וויל ניט לעבען מיט איהם, ווייל...

דאָ האָט ער ווייטער דערצעהלט עפּעס, וואס איך האָב ניט געקענט דערהערען. באלד זיינען אריינגעקומען נאָך פּאַ־סאַזשירען; ־ער קאָנדוקטאָר איז דורכגעגאנגען, און א היבשע צייט איז געווען אַזאַ גערודער, אַז מען האָט ניט געקענט הערען, וואס דער אדוואָקאט זאָגט.

ווען עס איז שטיל געוואָרען, און איך האָב ווידער דער־הערט זיין קול, איז ער שוין, וויא עס האָט אויס־געזעהען, פון א געוויסען פאל איבערגעגאנגען צו אלגע־מיינע גערדאנקען וועגען עהנליכע פעללע בכלל.

דער אדוואָקאט האָט גערעדט וועגען דעם, וויא דיא פראגע פון א גט צווישען מאַן און ווייב אינטערעסירט איצט גאנץ אייראָפּא, און וויא ביי אונז אין רוסלאנד טרעפען אַלץ עפטער אַזעלכע פעלע, וויא דער, וועגען וועלכען ער האָט דערצעהלט. בעמערקענדיג, אַז זיין שטימע הערט זיך אין דעם גאנצען וואגאָן און קלינגט איינע אליין, האָט ער אויפגעהערט צו ריי־דען און האָט זיך געווענדעט צו דעם אלטען קופּיעץ:

— אמאָליגע יאָהרען האָבען אַזעלכע זאכען ניט געטראָ־פען; ניט אמת? — האָט ער צו איהם געזאָגט מיט א פריינד־ליכען שמייכעל.

דער אלטער האָט געוואָלט עפּעס ענטפערען, אָבער אין דיא זעלבע מינוט האָט זיך דער צוג גענומען ריהרען; און, אראָפּנעהמענדיג דיא היטעל, האָט דער אלטער אָנגעהויבען זיך צו צלם'ען און צו שעפּטצען פרומע ווערטער. דער אד־וואָקאט האָט אָפּגעקעהרט דיא אויגען און האָט העפליך גע־וואַרט; ווען דער קופּיעץ האָט געענדיגט זיין געבעט און זיין

צלם'ען זיך, האָט ער אָנגעטהאָן דיא היטעל ביז דיא אויערען, האָט זיך געמאַכט בעקוועמער צו זיצען און גענומען ריידען:

— עס פלעגען טרעפען אַזעלכע זאַכען, מיין הערר'לע, אָבער ניט אַזוי אָפט. היינטיגע צייטען קען אָבער שוין בעסער ניט זיין. צופיעל האָט דער עולם זיך שוין פערבילדעט; פער־שטעהט איהר מיך.

דער צוג איז געגאַנגען אַלץ שנעלער און שנעלער מיט א גערויש; און צוליעב דעם גערויש האָב איך ווייטער ניט געקענט הערען א וואָרט. זייער געשפּרעך האָט מיר אָבער גע־נומען שטאַרק אינטערעסירען, און איך האָב זיך צוגערוקט נעהענטער. מיין נאכבאר, דער נערוועזער מאַן מיט דיא בליש־צעדיגע אויגען, האָט, וויא עס האָט אויסגעזעהען, אויך זיך פאראינטערעסירט, און, ניט ריהרענדיג זיך פון זיין אָרט, האָט ער זיך גוט צוגעהערט.

— מיט וואָס אָבער איז דיא בילדונג שלעכט? — האָט דיא דאַמע זיך אָפּגערופען מיט א שמייכעל, וואס מען האָט קוים בעמערקט. — צי דען איז בעסער חתונה צו האָבען וויא פאר־צייטען פלעגט מען חתונה האָבען, ווען דער חתן מיט דער כלה פלעגען זיך פריהער אפילו קיין מאָל ניט זעהן? — האָט זיא ווייטער געזאָגט, ניט ענטפערענדיג אויף דיא ווערטער וואס דער קופּיעץ האָט שוין געזאָגט, נאָר אויף דיא ווערטער, וועלכע זיא האָט געגלויבט אז ער וועט באַלד געווים זאָגען, וויא דאָס איז דער שטייגער פון פיעלע דאַמען.

— מען פלעגט אַליין ניט וויסען צי מען ליעבט, צי מען קען גאָר ליעבען, און מען פלעגט חתונה האָבען מיט וועמען עס האָט זיך געמאַכט, און דערנאָך האָט מען זיך געמאַטערט אין צרות דעם גאַנצען לעבען; איז דאָס דען נאָך אייער מיינונג בעסער? — האָט זיא געזאָגט, ווענדענדיג זיך צו מיר אָדער צום אדוואָקאַט פיעל מעהר וויא צו דעם אַלטען, מיט וועלכען זיא האָט דעם געשפּרעך געפיהרט.

— שוין צו ווייט האָט זיך דער עולם היינט פערבילדעט,

— האָט דער קופּיעץ זיך גע'טענה'ט דאָס זייניגע, קוקענדיג

אויף דער דאַמע מיט פעראַכטונג און ניט ענטפערענדיג אויף איהר פראַגע.

— עס איז אינטערעסאַנט צו וויסען וואס פאר א שייכות איהר געפינט צווישען בילדונג און א שלעכטען פאַמיליען־לעבען, — האָט דער אַדוואָקאַט געזאָגט מיט אן איינגעהאַל־טענעם שמייכעל.

דער קופּיעץ האָט עפּעס געוואָלט ענטפערען, אָבער די דאַמע האָט איהם איבערגעשלאָגען די רייד.

— די צייטען ווען מען פלעגט חתונה האָבען אבי מיט וועמען זיינען שוין פאַראיבער, — האָט זי אָנגעפאַנגען; אָבער דאָ האָט דער אַדוואָקאַט איהר אונטערבראָכען:

— ניין, ערלויבט פריהער דעם הערן אויסצודריקען זיינע געדאַנקען.

— אַלערליי נארישקייטען קומען ארויס פון די בילדונג!

— האָט דער אַלטער זיך אָפּגערופען מיט א פעסטען טאָן.

— מען מאַכט חתונה די, וואס ליעבען זיך ניט, און דערנאָך וואונדערט מען זיך, וואס זיי לעבען ניט גוט, — האָט די דאַמע זיך געאיילט צו ערקלערען, קוקענדיג מיט די אויגען דאָ צו מיר, דאָ אויף'ן אדוואָקאַט אָדער זאָגאר אויף'ן פּריקאַסטשיק, וועלכער האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין אָרט און האָט, אנשפּארענדיג זיך אָן די אויבערשטע טהייל פון באַנק, שמייכלענדיג צוגעהערט וואס מען האָט גערעדט. — בלויז בהמות קען מען צוזאַמענפּאָרען, וויא דעם בעל הבית ווילט זיך, אָבער מענשען האָבען זייערע נייגונגען און זייער ליעבע־געפיהל, — האָט זי געענדיגט, אום, וויא עס האָט געשיינט, א שטאָך צו טהאָן דעם קופּיעץ.

— איהר האָט א טעות, מיין האַרינטע, — האָט דער אַלטער אָפּגעענטפערט — א בהמה איז ניט מעהר וויא א בהמה; דעם מענשען איז אָבער געגעבען געוואָרען א געזעץ, וואס מען מעג און וואָס מען טאָר ניט.

— גוט, אָבער וויא קען מען פאָרט לעבען מיט א מענשען, ווען עס איז ניטאָ קיין ליעבע צו איהם? — האָט די

דאַמע געזאָגט, אַלץ אײלענדיג זיך אויסצודריקען איהרע גע־דאַנקען, אויף וועלכע זיא האָט מסתמא געמיינט, אַז זיי זיינען אַ גאַנץ נייע ערפינדונג.

— פאַרצייטען האָט מען גאָר וועגען דעם ניט געקלערט, — האָט דער אַלטער געענטפערט מיט אַ שטרייענגען טאָן. — היינט איז דאָס אַזאַ מאָדע געוואָרען. וואָס נאָר עפּעס, זאָגט שוין דיא ווייב צום מאַן: „איך געה פון דיר אַוועק״. אפילו ביי דיא דאָרף־פּויערים איז דיא דאָזיגע צרה שוין אין דער מאָדע אריין: „נאַ דיר!״ — זאָגט היינט אַ פּויערטע צו איהר מאַן, — „אָט זיינען דיינע העמדער, דיינע הויזען, נעהם זיך דיר, און איך געה אַוועק מיט וואַינקאַ׳ן; ער האָט געגרייזעלטערע האָאַר וויא דו״. וואָס איז דאָ צו ריידען! אַ פרויענצימער מוז פריהער פון אַלץ מורא האָבען, אַז ניט טויג עס אויף כפּרות. דאָס איז דער עיקר.

דער פּריקאַסטשיק האָט געקוקט אויף מיר, אויף דעם אַד־וואָקאַט און אויף דער דאַמע. דערביי האָט ער איינגעהאַלטען זיין שמייכעל; ער האָט זיך געגרייט ענטוועדער אָפּצולאַ־כען פון דעם אַלטען׳ס ווערטער אָדער צו זיי צושאָקלען מיט׳ן קאָפּ — עס וועגדט זיך וויא דיא אַנדערע צוהערער וועלען דיעזע ווערטער אָננעהמען.

— וואָס מיינט איהר מיט דעם וואָס איהר זאָגט, אַז אַ פרוי דאַרף מורא האָבען? — האָט דיא דאַמע געפרעגט.

— זיא זאָל מורא האָבען פאַר איהר מאַ־אַ־אַן, וויא עס שטעהט געשריבען; אָט דאָס מיין איך!

— נו! דיא צייטען זיינען שוין אַוועק, מיין פריינד, — האָט דיא דאַמע געזאָגט, עטוואָס בייז ווערענדיג.

— ניין, האַרינטע! דיא דאָזיגע צייטען קענען ניט אַוועקגעהן. אַזוי וויא חוה, דיא פרויען־צימער, איז בעשאַפען געוואָרען פון איהר מאַן׳ס ריפּ, אַזוי וועט זיא שוין בלייבען אויף אייביג, — האָט דער קופּיעץ געזאָגט מיט אַזאַ שטרענגען טאָן פון נצחון, אַז דער פּריקאַסטשיק האָט שוין

ביי זיך בעשלאָסען, אַז דער זיעג איז אויף דעם אַלטען'ס זייט, און ער האָט גלייך זיך צולאַכט אויפ'ן קול.

— אַזוי טענה'עט אָבער בלויז איהר, איהר מענער, — האָט דיא דאַמע זיך אָפּגערופען, ניט אונטערגעבענדיג זיך און ארומקוקענדיג זיך אויף אונז. — פאר זיך אַליין האָט איהר זיך גענומען פרייהייט, און דיא פרויען ווילט איהר האַלטען פערשלאָסען. נישקשה, אַליין ערלויבט איהר זיך שוין אַלעס.

— קיין ערלויבענים גיט קיינער ניט; מעהר נישט וואָס פון אַ מאַן וועט אין שטוב קיין זאַך ניט צוקומען; און אַ ווייב — אַ ווייב איז אַ כלי, וואָס ברעכט זיך גיך, פערשטעהט איהר מיך, — האָט דער אַלטער גערעדט אַלץ מיט דעם טאָן פון אַ לעהרער צו אַ שילער. דיעזער טאָן זיינער האָט, וויא עס האָט געשיינט, בעזיעגט זיינע צוהערער; זאָגאר דיא דאַמע אַליין האָט אויך זיך אָנגעהויבען צו פיהלען בעזיעגט; דאָך האָט זיא זיך ניט אונטערגעגעבען.

— יאָ, האָט זיא געזאָגט — אָבער איך גלויב, אַז איהר וועט דאָך צוגעבען, אַז אַ פרוי איז אויך אַ מענש, און זיא האָט אויך געפיהלען, ניט ווייניגער וויא אַ מאַנספּארשוין. נו, היינט וואָס זאָל זיא טהאָן ווען זיא ליעבט פאַרט איהר מאַן ניט?

— זיא ליעבט ניט! — האָט דער קופּיעץ איבערגעזאָגט, מיט כעס, צוזאַמענדריקענדיג דיא ברעמען און דיא ליפּען. — זיא וועט איהם שוין ליעב קריגען, נישקשה!

דיעזער אונערוואַרטעטער ארגומענט איז דעם פּריקאַסטשיק נאָך מעהר געפעלען געוואָרען; און ער האָט אויסגעדריקט זיין צושטימונג מיט אַ מין בורטש.

— ניין, זיא וועט איהם ליעב ניט קריעגען, — האָט דיא דאַמע אָפּגעענטפערט — אַז קיין ליעבע איז ניטאָ, קען מען דאָך איבער געוואלט ניט צווינגען.

— און וויא וועט זיין, אַז דיא ווייב וועט דעם מאַן זיין פאַלש; וויא טהוט מען דאַן? — האָט זיך אריינגעמישט דער אַדוואָקאַט.

— דאָס מאָר ניט זיין — האָט געענטפערט דער אַלטער — מען דאַרף אַכטונג געבען.

— אָבער וויא איז אַז עס טרעפט פּאָרט? עס פּאַסירט דאָך.

— אפשר ביי אַנדערע לייט פּאַסירען אַזעלכע זאַכען; ביי אונזערע מענשען וויים מען דערפון ניט — האָט דער קו־פּיעץ געענטפערט.

אַלע זיינען אַנשוויגען געוואָרען, דער פּריקאַסטשיק האָט זיך אַ קעהר געטהאָן, האָט זיך נאָך נעהענטער צוגערוקט, און, אום ניט אויסצוּן צו בלייבען פון דעם געשפּרעך, האָט ער מיט אַ שמייכעל אָנגעפאַנגען:

— יאָ, אָט האָט זיך ביי אונזערען אַ יונגען מאַנטשיק געמאַכט אַזאַ צרה. אויך שווער צו זאָגען וויא און וואָס עס וואָלט גלייכער געווען. איהם האָט גאָט צוגעשיקט אַ צולאָזענע שטיקעל סחורה פּאַר אַ ווייב. נו, האָט זיא זיך דאָס אַוועק־געלאָזען איהם פערשוואַרצען דיא אויגען! ער איז אַ בכבוד׳ער מענשעל, און ניט קיין פּראָסטאַק אויך. פון אָנהויב האָט זיא זיך צוגעלאָזען צום קאָנטאָרסטשיק. דער מאַן האָט געפּרופט מיט גוטען; עס האָט אָבער געהאָלפען וויא אַ טויטען באַנקעס. זיא האָט זיך געטהאָן דאָס איהריגע; זיא האָט אפילו גענו־מען גנב׳ענען געלד ביים מאַן אויך. הקיצור, ער האָט איהר אָנגעהויבען צו ברעכען דיא ביינער. מיינט איהר אָבער אַז דאָס האָט עפּעס געהאָלפען! אסור אַ לעק! זיא איז געוואָרען נאָך צולאָזענער וויא פריהער, דיא פּאַסקודסטוואָ. מיט ניט־קיין־גע׳שמד׳טען אידען, איך בעט אייך אום אייער כבוד, האָט זיא גענומען האָבען אַן עסק,—וויא איהר זעהט מיר אַ לע־בעדיגען.. היינט מאַך עפּעס! הקיצור המעשה, דער מאַן האָט איהר אַוועקגעוואָרפען. און אַזוי לעבט ער איצטער וויא אַ באָלאָסטיאַק, און זיא שלאָנדערט זיך עד היום ארום, דיא כל־בו־ניצע.

— זאָג איהר מאַן, אַז ער איז אַ פערד און ווייטער גאָר ניט — האָט זיך אָפּגערופען דער קופּיעץ — ווען ער וואָלט

פון סאַמע אָנהויב אָן ניט אָפּגעלאָזען דיא לייצעס, ווען ער וואָלט איהר געגעבען צו פיהלען א טעם, וואָלט זיא געוואָרען א מענש. א ווייב דארף מען פון ערשטען טאָג אָן ווייזען ווער עלטער איז. אזוי וויא א פערד טאָר מען ניט געטרויען אין פעלד, אזוי טאָר מען א ווייב ניט געטרויען אין שטוב.

אין דיעזער מינוט איז אריין דער קאָנדוקטאָר נאָך דיא בילעטען וואָס זיינען געווען ביז דיא נעקסטע סטאַציאָן, און דער אַלטער קופּיעץ האָט אָפּגעגעבען זיינעם.

— יאָ, אויפ'ן שטעל מוז מען א ווייב אָנהויבען צו לער־נען דרך־ארץ—אז ניט איז פערפאלען,—האָט דער אַלטער מאַן צוגעלייגט.

— נו, און וואָס איז מכח דעם, וואָס איהר האָט דאָ ניט לאַנג דערצעהלט, וויא פערהייראַטע מענער האָבען זיך אויפגעפיהרט אויף דעם קונאווינער יאָהר־מארק? — האָב איך געפרעגט, ניט קענענדיג זיך איינהאַלטען.

— אָה! דאָס, זעהט איהר, איז עפּעס אַנדערש — האָט דער קופּיעץ געענטפערט און איז אַנשוויגען געוואָרען.

ווען עס האָט זיך דערהערט א פייפעריי, האָט דער אַל־טער זיך אויפגעהויבען, האָט פון אונטער'ן באַנק ארויסגע־שלעפּט זיין זאַק, זיך איינגעטוליעט אין זיין פוטער און, אויפ־הויבענדיג זיין היטעל, איז ער ארויס.

.2

דער קופּיעץ איז נאָר וואָס ארויסגעגאַנגען, וויא עס האָט זיך אָנגעפאַנגען א געשפּרעך פון עטליכע שטימען מיט אַמאָל.

— וויא געפעלט ער אייך, דער אַלט־מאָדישער חכם!
—- האָט דער פּריקאַסטשיק געזאָגט.

— אַן אמת'ער דאָמאָסטראָי *) כ'לעבען! — האָט דיא

*) „דאָמאָסטראָי" איז דער נאַמען פון א בוך, וואָס איז געווען פערפאַסט פון סילוועסטער, א גרויסער תקיף ביי דעם רוסישען צאַר איוואַן דעם שרעקליכען, דער בוך לערנט וויא צו פיהרען א שטוב און וויא זיך צו בעגעהן מיט א פרוי. — וויא איהר צו שלאָגען, איהר צו האלטען אין ציטערניש פאר דעם מאַן'ס דוך א. ז. וו.

דאַמע בעמערקט — וואָס זאָגט איהר צו אַזאַ ווילדען בעגריף פון פרויען און פון הייראַט!

— יאָ, אין רוסלאַנד האַלטען מיר נאָך, וויא עס ווייזט אויס, גאַנץ ווייט פון דער אייראָפּעאישער מיינונג איבער דער הייראַט־פראַגע — האָט דער אדוואָקאַט זיך אָפּגערופען.

— דער עיקר וואָס דיעזע מענשען קענען ניט בענעהמען איז, אַז צו הייראַטען אָהן ליעבע, הייסט אייגענטליך ניט הייראַטען, אַז בלויז דיא ליעבע קען היילינ מאַכען אַ הייראַט, און אַז אַן אמת'ע הייראַטה איז בלויז אַזעלכע, וואָס איז הייליג געמאַכט פון ליעבע.

דער פּריקאַסטשיק האָט צוגעהערט און צוגעשמייכעלט, סטאַרענדיג זיך, אַז ביי איהם אין קאָפּ זאָל בלייבען וואָס מעהר פון דיא קלוגע רייד, וועלכע ער הערט דאָ, אום ער זאָל דאָס אַמאָל קענען איבער־זאָגען.

אין רעכטען מיטען פון דער דאַמע'ס ווערטער האָט מען פון הינטען דערהערט אַ זאָנדערבאַרען קול — אַ קול עפּעס וויא פון אַן איבערגעהאַקטען געלעכטער אָדער געוויין. מיר האָבען זיך אַלע ארומגעקוקט און האָבען לעבען אונז דערזעהן מיין נאַכבאַר, דעם גרויען איינזאַמען מאַן; דער געשפּרעך האָט איהם פעראינטערעסירט, און מיר האָבען בעמערקט וויא ער איז צוגעקומען נעהענטער צו אונז; ער איז געשטאַנען מיט דיא הענט אָנגעלעהנט אָן דעם רוקען פון באַנק, און, וויא עס האָט געשיינט, איז ער געוועזען זעהר אויפגערעגט. זיין געזיכט איז געוועזען רויט, און איין באַק האָט ביי איהם געציטערט.

— וועלכע ליעבע... ליעבע... מאַכט דאָס דיא הייראַט היילינ? — האָט ער געזאָגט פאַרטשעפּענדיג זיך אין זיינע רייד.

בעמערקענדיג אַז ער איז אויפגערעגט, האָט דיא דאַמע זיך געסטאַרעט איהם צו ענטפערען וואָס פריינדליכער און דייטליכער.

— דיא אמת'ע ליעבע!... ווען דיעזע ליעבע איז צווי־

שען אַ מאַן און אַ פרוי דאָ, דאַן האָט זייער הייראַט אַ זינן — האָט זיא ערקלעהרט.

— יאַ; אבער וואס הייסט „אמת'ע ליעבע"? — האט דער נערוועזער מאַן געפרעגט, מיט אַ פערשעהמטען שמייכעל און אַזוי וויא איינער, וואָס אָדוואַזשעט זיך קוים צו ריידען.

— ווער ווייסט דאָס ניט, וואָס עס הייסט אמת'ע ליעבע!

— האָט דיא דאַמע געזאָגט מיט אַ טאָן, וועלכער האָט געוויזען, אַז ווייטער מיט איהם צו ריידען האָט זיא קיין חשק ניט.

— אָט איך וויים ניט — האָט דער נערוועזער מאַן געענטפערט — מען דאַרף פריהער ערקלעהרען, וואָס איהר מיינט מיט דיא ווערטער...

— וויא הייסט? — גאַנץ פּראָסט — האָט דיא דאַמע געזאָגט. זיא האט זיך אבער צוערשט אביסעל פערטראַכט און דאַן ערשט האָט זיא פּאָרטגעזעצט:

— ליעבע... ליעבע הייסט, ווען איינעם אדער איינע האַלט מען בילכער, ווען ער אדער זיא געפעלט בעסער, וויא אַלע אַנדערע — האָט זיא ערקלעהרט.

— בילכער האַלטען, געפעלען, אויף וויא לאַנג? — אויף אַ מאָנאַט, אויף צוויי, אָדער אויף אַ האַלבע שעה? — האָט דער גרויער מאַן געזאָגט און האָט זיך דערביי צולאַכט.

— ניין, לאָזט אָקאָרשט; וויא עס ווייזט אויס, רעדט איהר דאָ גאָר וועגען אַן אַנדער זאַך.

— אָה, איך רייד וועגען דאָס זעלבע וואָס איהר.

— דיא דאַמע זאָגט — האָט זיך דער אַדוואָקאַט אריינגעמישט — דאָס דיא הייראַט מוז ערשטענס ארויסשטאַמען פון ליעבע; און בלויז ווען אַזאַ ליעבע איז פאַראַן, בלויז דאַן איז דיא הייראַט עטוואָס הייליגעס, זאָ צו זאָגען; צווייטענס — דאָס יעדע הייראַט, וועלכע האָט ניט אַלס פונדאַמענט אַ נאַטירליכע נייגונג, פון ליעבע, אויב איהר ווילט זיך אַזוי אויסדריקען, — דאָס אַזאַ הייראַט איז ניט אימשטאַנד אויף דעם מענשען ארויפצולייגען קיין מאָראַלישע פפליכט.

האָב איך איך ריכטיג פֿערשטאַנען? — האָט ער זיך געווענ־דעם צו דער דאַמע.

דיא דאַמע האָט מיט אַ שאָקעל מיט'ן קאָפּ אויסגעדריקט אַז זיא איז צופריעדען מיט דעם וויא ער האט ערקלערט איהרע געדאַנקען.

— ווייטער — האָט דער אַדוואָקאַט אָנגעפאַנגען פאָרט־צוזעצען זיין רעדע. אָבער דער נערוועזער מאַן מיט דיא בליש־צענדע אויגען, יועלכע האָבען יעצט געגליהט וויא פייער, האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטען, און, ניט לאָזענדיג דעם אַדוואָ־קאַט ענדיגען, דאָט ער אָנגעפאַנגען:

— ניין, איך מיין אַלץ דאס זעלבע — דאס וואס איי־נעם איז מען געפעלען מעהר וויא אַלע אַנדערע. איך פרעג בלויז: געפעלען אויף וויא לאַנג?

— אויף וויא לאַנג? אויף זעהר לאַנג, אַמאָל אויפ'ן גאַנ־צען לעבען, — האָט דיא דאַמע געענטפערט אַ קוועטש טהוענ־דיג מיט דיא פּלייצעס.

— אָבער דאָס זעהט מען דאָך מעהר ניט וויא אין ראָ־מאַנען; אין לעבען אָבער — ניעמאַלס; אין לעבען טרעפט, אַז איינער אָדער איינע געפעלט מעהר וויא אַלע אַנדערע בלויז אויף יאָהרען, אין דאָס טרעפט אויך גאַנץ זעלטען; עפטער גע־דויערט דיעזער געפעלען־זיין בלויז מאָנאַטען אָדער זאָגאַר ניט מעהר וויא וואָכען, טעג, שטונדען, — האָט ער געזאָגט; און מען האָט געקענט אויף זיין פּנים בעמערקען, אַז ער פיהלט דאָס מיר ווערען פון זיינע מיינונגען נשתומם, און אַז איהם טהוט דאָס הנאה.

— אַך, וואָס רעדט איהר! ניין, עס איז ניט ריכטיג... ערלויבט נור... האָבען מיר געגומען ריידען אַלע דריי צו־זאַמען.. אפילו דער פּריקאַסטשיק האָט אַ בורטשע געטהאָן מיט אַ מינע, וואָס זאָל ווייזען, אַז ער איז אויך ניט איינפער־שטאַנען מיט דעם גרויען מאַן'ס מיינונג.

— אָה, איך ווייס, — האָט דער נערוועזער מאַן זיך אָפּ־גערופען, אונז אַלעמען איבערשרייענדיג, — איהר רעדט וועגען

דעם, וואָס מען גלויבט, אַז עס איז דאָ; און איך רייד וועגען דעם, וואָס איז מאַקע דאָ; דאָס וואָס איהר רופט „ליעבע", פיהלט יעדער מאַנס־פּאַרשוין צו יעדע שעהנע פרויען־צימער.

— אַך, וואָס רעדט איהר! עס איז דאָך אַ שרעק צו הערען!... צווישען מענער און פרויען איז דאָך פאָרט דאָ דער געפיהל, וועלכען מען רופט ליעבע און וועלכען מען האָט ניט אויף מאָנאַטען אָדער אויף יאָהרען, נור אויפ'ן גאַנצען לעבען.

— עס איז ניטאָ, עס איז ניטאָ. ווען מען זאָל אפילו צו־געבען, אַז אַ מאַנס־פּאַרשוין קען אויפ'ן גאַנצען לעבען ביל־כער האַלטען אַ געוויסע פרויען־צימער, וועט דיעזע פרויען־צימער דאַן מסתמא גראָד בילכער האַלטען אַן אַנדער מאַנס־פּאַרשוין; אַזוי איז אימער געווען, און אַזוי איז שוין דאָס היינט אויך; אויף דער גאַנצער ווייסער וועלט איז אַזוי — האָט ער געזאָגט; און, אַרויסנעהמענדיג זיין פּאַפּיראָסניצע, האָט ער גענומען רויכערען.

— יאָ, אָבער עס קען אויך זיין, אַזביידע זאָלען זיך ליעבען, — האָט דער אַדוואָקאַט געזאָגט.

— ניין, עס קען ניט זיין, האָט דער גרויער מאַן זיך אָפּ־גערופען, — נעהמט צוויי אַנגעמערקטע אַרבעס, לייגט זיי אַריין אין אַ באַרג אַנדערע אַרבעס און מישט דאָס אויס. איז מעגליך אַז דיעזע צוויי אַרבעס זאָלען גראָד אויסקומען איינער לעבען דעם אַנדערען? אַזוי איז מעגליך, אַז ווען איינער האַלט בילכער אַ געוויסע פרויען־צימער, זאָל דאָס זיין גראָד דיא, וואָס האַלט איהם בילכער. אַ חוץ דעם: מיט דער צייט מוז מען איבערגעזעטיגט ווערען — דאָס איז געוויס. זיין פערליעבט אין דיא זעלבע פּערזאָן דעם גאַנצען לעבען איז אַזוי מעגליך, וויא עס איז מעגליך, אַז דיא זעלבע ליכטעל זאָל ברענען איי־ביג — האָט ער געזאָגט, נעהמענדיג זיך צו זיין פּאַפּיראָס.

— אָבער וויא איך זעה רעדט איהר אַלץ פון קערפּער־ליכע ליעבע. שוין־זשע גיט איהר ניט צו, אַז עס איז מעג־ליך אַזאַ ליעבע, וואָס זאָל זיין געגרינדעט אויף העכערע זאַ־

כען, — אויף דעם, וואָסביידע האָבען דיא זעלבע אידעאַלען, וואָס ער און זיא זיינען גייסטיגע קרובים? — האָט דיא ד'אמע געפרעגט.

— גייסטיגע קרובים! דיא זעלבע אידעאַלען! האָט דער גרויער מאַן אויסגעשריען ארויסלאָזענדיג זיין זאָנדערבארען קלאַנג — אויב אַזוי, טאָ צו וואָס דאַרף מען גראָד שלאָפען צוזאַמען? — ענטשולדיגט מיר פאר דיא אונאַנשטענדיגקייט. ס'געהערט! ווייל ער און זיא האָבען דיא זעלבע אידעאַלען, דעריבער דארפען זיי ביידע צוזאַמען זיך לייגען שלאָפען, — האָט ער געזאָגט זיך צולאַכענדיג.

— ערלויבט אָבער — האָט דער אדוואָקאַט זיך ווידער אריינגעמישט — דער אמת איז אָבער פונקט פארקעהרט וויא איהר זאָגט. מיר זעהען, אז דיא הייראַט עקזיסטירט, אז דיא גאַנצע מענשהייט אָדער דיא מעהרצאָהל זיינען פערהייראַט, און אַז פיעלע פּאָאר פאָלק לעבען זיך אַנשטענדיג און עהרליך אוים זייערע יאָהרען צוזאַמען.

דער גרויער מאַן האָט זיך ווידער צולאַכט.

— דאָ זאָגט איהר, אז דיא הייראַט איז געגרינדעט אויף ליעבע; און ווען איך זאָג, אז איך צווייפעל אין דעם, צי עס עקזיסטירט ליעבע, אויסער דיא ליעבע פון תאוה, ווייזט איהר דאָס מיר אויף מיט דעם גופא, וואָס עס עקזי־סטירט דיא הייראַט. דיא הייראַט אין אונזערע צייטען איז אבער נישט מעהר וויא א פאַלשקייט! — עס עקזיסטירט! זיא האָט עקזיסטירט און עקזיסטירט בלויז ביי דיא יעניגע מענשען, וועלכע קוקען אויף דעם וויא אויף א היילינגטהום, — וויא אויף א היילינגטהום וואָס בינדט דיא פּאָאר פאָלק צו צו גאָט. ביי אַזעלכע מענשען עקזיסטירט דיא הייראַט טאַקע יע.ביי אונז אבער האבען מענשען חתונה בלויז, ווייל זיי בעטראַכטען דיא הייראַט אַלס א קערפּערליכע צוזאַמען־קו־מען, און פון דעם שטאַמט ארוים ניט מעהר וויא פאַלשקייט אָדער צוואַנג. ווען פאַלשקייט, איז דאָס גרינגער צו פערטראָ־גען. דאַן נאַרט דער מאַן און דיא ווייב בלויז אָפּ דיא וועלט,

מאַכענדיג זיך, אַז ער לעבט ניט מיט קיין אַנדערע און זיא מיט קיין אַנדערען. אין אמת'ן אָבער האָט ער עטליכע פרויען און זיא עטליכע מענער. דאָס איז שלעכט; עס איז אָבער נאָך וויא עס איז. אַ סך ערגער איז דאָס, וואָס איז פיעל געוועהנ־ליכער, — נעמליך, ווען דער מאַן און דיא פרוי נעהמען אויף זיך אַן אויסערליכען נדר צו לעבען צוזאַמען דעם גאַנצען לע־בען, און צו דעם צווייטען מאָנאַט קענען זיי זיך שוין ניט אַנ־זעהן, גארען שוין זיך צו שיידען, און דאָך לעבען זיי צוזאַמען. דאַן הויבט זיך דאָס אָן דער שרעקליכער גיהנום, פון וועלכען מען ווערט שכורים, מען נעהמט זיך דעם לעבען, אָדער מען ערמאָרדעט איינער דעם אַנדערען, — האט ער געזאָגט. ער האט גערעדט אַלץ האַסטיגער און האַסטיגער, קיינעם ניט לאָזענ־דיג אַ וואָרט אויסריידען, און וואָס ווייטער איז ער אַלץ מעהר צוהיצט געוואָרען. עס איז אַלעמען געוואָרען אונאַנגענעהם.

— יאָ, עס טרעפען אונגליקליכע סבות אין אַ פאַמיליען־לעבען — האָט דער אַדוואָקאַט געזאָגט, גארעדיג צו מאַכען אַ סוף פון דעם צוהיצטען געשפּרעך, וועלכער האָט גענומען אויסווייזען וויא אַ קריעגעריי.

— איהר האָט מסתמא געטראָפען ווער איך בין — האָט דער גרויער מאַן געזאָגט שטיל און אַזוי וויא געלאַסען.

— ניין, איך האָב ניט דיא עהרע.

— קיין גרויסע עהרע איז דאָס סאַי־וויא־סאַי ניט. איך בין פּאָזדנישעוו. מיט מיר האָט דאָס געטראָפען דיא אונגליק־ליכע סבה, אויף וועלכע איהר האָט דאָ געגעבען אָנצוהערע־נעם — דיא סבה, דאָס ער האָט ערמאָרדעט זיין פרוי. איך בין דאָס, — האָט ער צוגעלייגט, שנעל בעקוקענדיג יעדען פון אונז.

קיינער האט ניט געוואוסט וואס צו ענטפערען; אַלע האָ־בען געשוויגען.

— נו, עס מאַכט ניט אויס, — האָט ער געזאָגט, ארויס־לאָזענדיג זיין זאָנדערבאַרען קלאַנג.—איבעריגענס, ענטשול־דיגט. אַ !.... איך וועל אייך ניט שטערען.

— איהר שטערט אונז גאָר ניט; אַ האָר אויך ניט, זאָלט איהר געזונד זיין! האָט דער אַדוואָקאַט זיך אָבגערופען, אַליין ניט וויסענדיג וואָס ער רעדט.

פּאָזדנישעוו האָט אָבער שוין ניט געהערט און האָט זיך האַסטיג אומגעקערט און איז אוועק צוריק אויף זיין אָרט. דער אַדוואָקאַט מיט דער דאַמע האָבען זיך געשושקעט. איך בין געזעסען לעבען פּאָזדנישעוו'ען און, ניט קענענדיג געפינען װעגען וואָס אָנצוהייבען צו ריידען, האָב איך געשוויגען. צו לעזען איז שוין געווען צו פינסטער, און דעריבער האָב איך צוגעמאַכט די אויגען און האָב זיך געמאַכט, אַז איך סטאַרע זיך איינצודרעמלען. אַזוי זיינען מיר דערפאָהרען ביז דיא נעקסטע סטאַציאָן.

אויף דער סטאַציאָן האָט דער אַדוואָקאַט מיט דער דאַמע זיך איבערגעזעצט אין אַנאַנדער וואַגאָן, וויא זיי האָבען נאָך פריהער אָבגערעדט מיט דעם קאָנדוקטאָר. דער פּריקאַסטשיק האָט זיך צוגעמאָסטעט אויף'ן באַנק און איז אַנשלאָפען געוואָרען. פּאָזדנישעוו, וויעדער, איז אַלץ געזעסען און געראויכערט און געטרונקען דיא טהיי, וואָס ער האָט פאַרבריהט נאָך אויף דער פריהערדיגער סטאַציאָן.

ווען איך האָב אויפגעעפענט דיא אויגען און אַ קוק געטהאָן אויף איהם, האָט ער פּלוצלינג און מיט אויפרעגונג זיך צו מיר געווענדעט:

— אפשר איז אייך ניט אַנגענעהם לעבען מיר צו זיצען, ווייל איהר ווייסט שוין ווער איך בין? אויב אַזוי, וועל איך זיך זעצען אויף אַן אַנדער אָרט.

— וואָס רעדט איהר! גאָר אַ נייעס!

— נו, דאַן ביטע! — האָט ער געזאָגט אָנווייזענדיג אויף דיא טהיי — עס איז אָבער זעהר שטאַרק.

ער האָט מיר אָנגעגאָסען אַ גלאָז טהיי.

— זיי ריידען.... און קיין זאַך וואָס זיי זאָגען מיינען זיי ניט.

— וועגען וואָס רעדט איהר? האָב איך געפרעגט.

— אַט אַלץ וועגען דאָס זעלבע, וועגען דיא זאָגענאַנטע

ליעבע און וועגען דעם, וואָס דאָס איז אזוינס, איהר ווילט נאָך ניט שלאָפען ?

— אָ, ניין, א האָר אויך ניט.

— נו, ווילט איהר, וועל איך אייך דערציילען וויא אזוי דיא זעלבע כלומר'שדיגע ליעבע האָט מיר געבראכט צו דעם, וואָס מיט מיר האָט געטראָפען ?

— אויב אייך איז ניט שווער וועגען דעם צו ריידען.

— ניין, מיר איז שווער צו שווייגען. טרינקט־זשע דיא טהיי... איז עס טאַקי צו שטאַרק ?

דיא טהיי האָט אין אמת'ן אויסגעזעהען וויא ביער. דאָך האָב איך אויסגעטרונקען אַ גלאָז. אין דיעזער מינוט איז דורכ־געגאַנגען דער קאָנדוקטאָר. פאָזדנישעוו האָט איהם נאָכגעקוקט מיט בייזע אויגען, און האָט אָנגעפאנגען צו דערציילען ערשט דאַן, ווען דער קאָנדוקטאָר איז שוין ארויס פון וואַגאָן.

3.

— נו, אויב אזוי, וועל איך אייך דערצעהלען... זאָגט אבער, ווילט איהר טאַקי הערען ?

איך האָב איהם נאָך אַמאָל פערזיכערט, אז איך בין זעהר גערן צו הערען ; ער האָט אייניגע סעקונדען געשוויגען, האָט גענומען רייבען דיא הענט און אָנגעפאַנגען :

— אז שוין יא דערציילען, מוז מען דערציילען אַלץ כסדר, פון אָנהייב אָן, וויא אזוי און פאר וואָס איך האָב חתונה געהאַט, און וואָס מיט מיר איז געוועזן פאר דער חתונה.

געלעבט האָב איך בחור־ווייז וויא אַלע לעבען, דאָס הייסט, וויא אַלע וואָס בעלאַנגען צו אונזער קלאַסס מענשען. איך בין אַ גוט־בעזיצער ; איך האָב געענדיגט אוניווערסיטעט מיט דעם טיטעל קאַנדידאַט און בין געוועזן פּרעדוואָדיטעל דוואָריאַנ־סטווא *). ביז דער חתונה האב איך געלעבט, וויא אַלע אונזערע מענשען לעבען, דאָס הייסט, איך בין געוועזן צולאָזען, האב גע־

*) דער דוואָריאַנין (גוט־בעזיצער), וועלכען אַלע אַנדערע דוואָריאַנעס וועהלען אויס פאר זייער פארשטעהער. — איבערזעצער.

הולטעוועט און בין געווען זיכער, אז איך לעב וויא עס בעדאַרף זיין. ביי זיך אין הארצען האָב איך זיך געקלעהרט, אז איך בין גאָר אַ צאַצקע, אַ פּאָלשטענדיג מאָראלער מענש. קיין מיידעל האָב איך פון וועג ניט אראָפּגעפיהרט, קיין אוננאַטירליכע תאוה האָב איך אויך ניט געהאַט; איך זאָל זאָגען, אז איך האָב דיא הולטייסטוואָ געמאַכט פאר דעם הויפּט - צוועק פון מיין לעבען, וויא דאָס האָבען געטהאָן פיעלע פון מיינע חברים, קען איך אויך ניט. איך האָב זיך צו דער צולאָזענקייט אָבגעגעבען געלאַסען, אַנשטענדיג, עס זאָל מיר ניט שאַדען צום געזונד ; איך האָב אויסגעמיעדען צו האָבען אַן עסק מיט אַזעלכע פרויען, וועלכע וואָלטען געקענט פון מיר האָבען אַ קינד אָדער זיך אין מיר אין אמת׳ען איינליעבען, און מיט דעם מיר פארבינדען. איבעריגעס ווער ווייס ?—עס קען זיין, אז מען האָט פון מיר יע געהאַט קינדער און אז מען האָט זיך אין מיר יע איינגעליעבט; אָבער איך האָב זיך אויפגעפיהרט אזוי וויא דאָס אַלץ וואָלט ניט געווען. און דאָס אַלץ האָב איך ניט בלויז געהאַלטען פאר מאָראַליש, זאָנדערען זאָגאר שטאָלצירט מיט דעם....

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און ארויסגעלאָזען זיין זאָנדערבארען קול וויא פון אַן אָנגעפאנגענעם און גלייך אָפּגעהאַקטען געלעכטער, — וויא ער פלעגט טהאָן אימער, ווען איהם איז אין קאָפּ אריין אַ נייער גדאַנק.

— און אין דעם בעשטייט דאָך דאָס דיא הויפּט פּאַסקודסטוואָ ! — האָט ער אויסגעשריען. — אייגענטליך, איז דאָך ניט דיא הולטייסטווא דיא עבירה. דיא גרעסטע קערפּערליכע פּאַסקודסטוואָ איז קיין עבירה ניט. הולטייסטוואָ, דיא אמת׳ע הולטייסטוואָ בעשטייט אין דעם וואָס מען בעפרייט זיך פון מאָראַלישע פערהעלטנישע צו דער פרוי, מיט וועלכע מ׳טרעט אריין אין קערפּערליכע בעציהונגען. און דיא דאָזיגע בעפרייאונג מיינע האָב איך געהאַלטען פאר אַ שעהנע זאַך. איך געדיינק, וויא איך האָב אַמאָל געהאַט גרויסע עגמת נפש, ווען איך האָב ניט פאַספּייעט צו בעצאָהלען אַ פרוי, וועלכע האָט זיך צו מיר אָבגעגעבען, מסתמא ווייל זיא האָט זיך אין מיר פערליעבט;

איך האָב זיך בערוהיגט בלויז דאַן, ווען איך האָב איהר צוגע־שיקט עטליכע רובעל, ווייזענדיג מיט דעם, אז מאָראליש פיהל איך זיך אויף קיין ארט ניט פערבונדען מיט איהר.

— שאָקעלט ניט מיט'ן קאָפּ, אַזוי וויא איהר וואָלט כלומרשט ניט געווען איינפערשטאַנען מיט מיר ! — האָט ער פּלוצלונג אויף מיר א געשריי געטהאָן — איך וויים דאָך דיעזע קונצען. איהר אַלע, טאַקי איהר אליין אויך, אויב איהר זייט נור ניט קיין זעלטענע אויסנאַהמע, איהר האַט אַלע דיא זעלבע מיינונגען, וואס איך האב אמאָל געהאַט. ענט־שולדיגט מיר — עס איז אבער שרעקליך, שרעקליך, שרעקליך !

— וואס איז שרעקליך ? — האב איך געפרעגט — וואס מיינט איהר ?

— דער תהום פון טעות'ן, אין וועלכען מיר געפינען זיך וועגען פרויען און אונזערע פערהעלטניסע צו זיי, אָט דאס מיין איך. איך קען וועגען דעם רוהיג ניט ריידען. ניט דוקא ווייל מיט מיר האט געטראָפען דיא „סיבה“, וויא יענער הערר האט דאס אנגערופען, נור ווייל דורך דעם, וואס מיט מיר האט פּאַסירט, האבען זיך מיר געעפענט דיא אויגען ; זינט דאַן האב איך אַלץ דערזעהן גאר אין אנאנדער ליכט ; אַלץ איז קאַפּויר, אַלץ איז קאַפּויר !...

ער האט פערראויכערט א פּאַפּיראָס, און, אנשפּאַרענדיג זיך מיט דיא עלענבויגען אָן זיינע קניע, האט ער ווייטער אנ־געפאנגען צו ריידען.

אין דער פינסטער האב איך זיין פּנים ניט געקענט זעהן ; עס האט זיך בלויז געהערט דיא בראַזגעריי פון דעם וואַגאָן און פּאַזדינעשעוו'ס פעסטע, אנגענעהמע שטימע.

4.

— יא, יא ! בלויז ווייל איך האָב זיך אָנגעליטען, בלויז דורך דעם האב איך פערשטאַנען, וואו דער וואָרצעל פון אַלעם געפינט זיך ; איך האב פערשטאַנען וויא אַזוי עס וואָלט בע־דארפט זיין און דעריבער האָב איך בעגריפען וויא עס איז אין אמת'ן.

הערט־זשע אַלזאָ, אויף וועלכען אַרט עס האָט זיך אָנגעפאַנגען דאָס, וואָס האָט מיר געבראַכט צו מיין „סיבה“... דאָס האָט זיך אָנגעהויבען, ווען איך בין אַלט געווען א יאָהר פופצעהן, זעכצעהן; איך בין נאָך געווען אין גימנאַזיום. און מיין עלטערער ברודער איז געווען אַ סטודענט אויף דעם ערשטען קורס פון אוניווערזיטעט. איך האָב נאָך דאָן פון פערהעלטניסע מיט פרויען ניט געוואוסט ; אָבער, וויא אַלע אונגליקליכע קינדער פון אונזער קלאַסס, בין איך שוין קיין אונשולדיגער ניט געווען. מיט צוויי יאָהר פריהער האָבען מיר מיינע מיט־חברים צולאָזען געמאַכט. א פרוי, ניט קיין בעשטימטע פרוי, נור יעדע פרוי, סתם אַ פרוי, אַלס עפּעס אַ זיסע זאַך, דיא נאַקעטקייט פון פרויען בכלל, — דאָס האָט מיר שוין ניט געלאָזט צורוה. ווען איך פלעג זיין איינער אליין, פלעג איך שוין ניט זיין קיין ריינער. איך האָב זיך געפּלאַגט וויא 99 פּראָצענט פון דיא דוואָריאַנסקע אינגלאַך פּלאַגען זיך. ס'איז מיר געווען שרעקליך ; איך האָב זיך גענומען דעם לעבען פון מיינע עבירות ; האָב מתפלל געווען צו גאָט, און — ווייטער געזינדיגט. איך בין שוין געווען אַ הולטאַי אי מיט מיינע געדאַנקען אי אין דער ווירקליכקייט ; אָבער דעם לעצטען טריט האָב איך נאָך ניט געהאַט געשטעלט. איך האָב אונגליקליך געמאַכט בלויז זיך אַליין, אָבער אויף קיין צווייטע מענשליכע בעשעפענים האָב איך נאָך קיין האַנט ניט ארויפגעלייגט. נו, איז געקומען מיין ברודער'ס אַ חבר, — אַ לוסטיגער יונג אַ סטודענט, אַ „וואוילער קערעל“, וויא מען רופט עס, דאָס הייסט, אַ ניעדערטרעכטיגער הולטאַי, און ער האָט אונז אויסגעלערענט טרינקען און שפּיעלען אין קאָרטען ; קורץ, נאָך אַ הולאַנקע האָט ער אונז איינגערעדט צו פאָהרען אהין..... מיר זיינען אַוועקגעפאָהרען. מיין ברודער איז נאָך אויך געווען אונשולדיג און ער איז אויך יענעם אַבענד אַראָבגעזונקען ; און איך, אַ פופצעהן־יעהריגער אינגעל, האָב בעאונרייניגט זיך אליין און האָב מיט־געהאָלפען בעאונרייניגען אַ פרוי, ניט

פארשטייענדיג אפילו וואָס איך טהו דאָ. פון וואנען האָב איך געזאָלט פארשטיין ? פון עלטערע מענשען האָב איך דאָך ניט געהערט, אז דאָס, וואָס איך טהו דאָ איז ניט גוט. און הפּנים איצט וועט איהר דען פון וועמען עס איז הערן אזא מיינונג ? אמת אין דיא עשרת הדברות שטייט אפילו, אז מען טאָר דאָס ניט טהאָן. אָבער דיא עשרת הדברות דאַרף מען דאָך מעהר ניט, ווי נור זיי צו וויסען צום עקזאַמען ; אי דאָס איז עס ניט אזוי וויכטיג וויא אַ שטיקעל לאטיינישע גראמאַטיק.

אַלזאָ, האָב איך פון דיא עלטערע מענשען, וואָס זייערע מיינונגען האָב איך געשעצט, קיין מאָל ניט געהערט אז דאָס איז ניט גוט. אדרבה, פון דיא, וועמען איך האָב געאַכטעט, האָב איך געהערט, אז עס איז אַ גאַנץ גוטע זאך. איך האָב גערערט, אז נאָך דעם וועלען מיינע ליידען זיך איינשטילען ; איך האָב געהערט און געלעזען, אז דאָס וועט זיין גוט צו מיין געזונד ; און מיינע חברים האָבען מיר נאָך געגעבען צו פארשטיין וויא אזוי זיך אויף־צו־פיהרען אין אזא מין כוואַטסטוואָ, מעשה פיינער יונג ; אז אָהן דעם איז מען א שלי־מזל'ניק..... הקיצור, אויסער גוטעס קען מען אין דעם ניט זעהן. אַי דיא געפאהר פון א קראנקהייט ? איז דאָס דאָך שוין אויך בעוואָרענט ! דיא רעגיערונג איז דאָך שוין אזוי גוט און בעזאָרגט שוין דיא אַלע זאכען; זיא גיט אַכטונג אז דיא טהעטיגקייט פון העסליכע הייזער זאָל אָנגיין רעגעלמעסיג ; זיא פארזאָרגט דיא גימנאַזיסטען מיט הולטאיסטוואָ, און דאָקטוירים גיבען שוין אויף דעם אַלעם השגחה ; ניט אָהן געצאָהלט נאַטירליך. אַליין זאָגען זיי, דיא דאָקטוירים, אז הולטאיסטווא איז נוצליך פאר דעם געזונד, און אליין פיהרען זיי דיעזע רעגעלמעסיגע פינקטליכע הולטאיסטווא איין; איך קען מוטערס, וועלכע זאָרגען זיך וועגען דיא געזונד פון זייערע קינדער אויף דיעזען שטייגער ; און דיא היינטיגע וויסענשאַפט טהוט דאָס זעלבע : זיא שיקט דיעזע קינדער אויך אין מיאוס'ע הייזער כלומרשט פון געזונט וועגען !

— וואָס עפּעס דיא וויסענשאַפט ? — האָב איך געפרעגט.

— וואָס דען זיינען דיא דאָקטוירים ? — ניט דיא „כהנים פון וויסענשאַפט" ? ווער צולאָזט דיא יונגע לייט? ווער זאָגט זיי אז דאָס איז נויטיג צו דער געזונט ? ניט זיי ? און ווייסט איהר וואָרום ? ווייל ווען איין הונדערטער טהייל פון דיא געלט און קרעפטען וואָס דיעזע זאַכען קאָסטען אָפּ, וואָלט מען בעסער פאַרברויכט אויף אוים־צו־וואָרצלען סיפילים, וואָלט פון דיעזער קראַנקהייט קיין שריד ופליט ניט געבליעבען.... נו, סטאַרעוועט מען זיך אָבער ניט אויסצוראָטען דיא צולאָזענהייט, נור איהר צו פאַרגרעסערען און איהר אונשעדליך צו מאַכען. אָבער ניט וועגען דעם רייד איך. איך וויל זאָגען, אז מיט מיר, אזוי וויא מיט ניין־צעהנטעל פון אַלע אינגלעך פון אונזער קלאַסס, און זאָגאר פון דעם בויערען קלאַסס, האָט דאָ געטראָפען דיא שרעקליכע זאַך, — נעמליך, דאָס איך בין אראָבגעזונקען, ניט ווייל דיא רייצענדע שעהנהייט פון א געוויסע פרוי האָט מיר בעצויבערט און פאַרפיהרט; — ניין, קיין פרוי האָט מיר ניט בעצויבערט ; קיין פרוי האָט מיר ניט פערפיהרט ; — איך בין אראָבגעזונקען בלויז צוליעב דעם, וואס דיא מענשען, וועלכע האָבען מיר ארומגערינגעלט, האָבען אויף דעם געקוקט ענטוועדער וויא אויף אַ גאַנץ געזעצליכע און נוצליכע זאַך, אָדער וויא אויף אַ'ן אונשעדליכע און זאָגאר אונשולדיגע שטיפעריי פאר א יונגען מענשען. איך האָב ניט פערשטאַנען, אז דאָס איז אַ פּאַסקודסטוואָ, אַ פאַרברעכען ; און האָב זיך ביסלעכווייז אריינגעלאָזען אין דיעזע „שטיפערייען", אין דיעזע הולטאַיסטוואָס, פּראָסט אויף דעם זעלבען אַרט וויא איך האָב אָנגעפאַנגען צו טרינקען און צו רויכערען.

פון דעסטוועגען איז אין מיין ערשטען טריט אין דעם זומפּ געווען עטוואָס בעזונדערעס, עטוואָס ריהרענדעס. איך געדיינק, וויא גלייך, אויף'ן אָרט, נאָך איידער איך בין ארויס פון צימער, איז מיר געוואָרען אזוי אומעדיג אויף'ן האַרצען, אז

עס האָט זיך מיר געוואָלט וויינען, — וויינען אויף מיין אונ־שולדיגקייט, וואָס איך האָב דאָ פארלאָרען, בעוויינען מיין שייכות צו פרויען, וועלכע איז פון דיעזען מאָמענט אָן אויף אייביג פערדאָרבען געוואָרען. יאַ, מיינע נאַטירליכע, איינפאַכע פארהעלטניסע צו פרויען זיינען פארדאָרבען געוואָרען, פאר־פאלען געוואָרען אויף אייביג! קיין ריינע פערהעלטניסע צו פרויען זיינען פון דענסטמאָל אָן שוין ביי מיר ניט גע־ווען און האָבען ניט געקענט זיין; איך בין געוואָרען, וואָס מען רופט, א נ ו א ף. און צו זיין א נואף הייסט געפינען זיך אין א געפעהרליכען צושטאַנד, וועלכער איז עהנליך צו דעם צושטאַנד פון דיא, וואָס זיינען צוגעוואָהנט צו מארפיום, צו שכרות אָדער צו רויכערען. פונקט וויא דער מאָרפיניסט, דער שכור, אָדער דער וואָס רויכערט א סך, זיינען ניט קיין גע־זונטע מענשען, אזוי איז דער, וואָס האָט בעזוכט עטליכע פרויען צוליעב זיין קערפערליכע פערגעניגען, שוין ניט קיין גע־זונטער, זאָנדערען א אויף־אימער פערדאָרבענער מענש — אַ נואף. פונקט וויא דעם פיאַניצע אָדער דעם מאָרפיניסט קען מען גלייך דערקענען אויף'ן פנים, נאָך זיינע מאַניערען, אזוי קען מען אויך לייכט דערקענען דעם נואף. דער נואף קען זיך ראנגלען מיט זיך אַליין, זיך איינהאַלטען; אָבער קיין גע־וויינליכע ריינע פערהעלטניסע צו אַ פרויען־צימער, וויא צו אַ שוועסטער, קען ער שוין קיין מאָל ניט האָבען. נאָך דעם קוק, וואָס ער גיט אויף א יונגע פרוי, קען מען גלייך דערקענען ווער ער איז. און איך בין געוואָרען אַ נואף און בין געבליעבען אַזעל־כער, און אָט דאָס האָט דאָס מיר אונגליקליך געמאַכט.

## 5.

— יאַ! אזוי איז עס! און אזוי איז דאס געגאַנגען ווייטער און ווייטער. גאָט מיינער! אַז איך דערמאָן זיך אָן אַלע מיינע מיאוס'ע מעשים, שטעלט זיך מיר פראָסט דיא האָר קאפויר. און דאס אַלץ דערצעהל איך אייך וועגען זיך אליין, וועגען זיך, וואס פון מיר האבען מיינע חברים געלאַכט פארוואס איך בין אזאַ צדיק. היינט שטעלט זיך שוין פאָר דיא זאָגענאַנטע „גיל־

דערנע יונגע לייט“, דיא אָפיציערען, דיא פּאַריזער חברה! ווען מיר זיינען געווען דרייסיג יעהריגע הולטאַיעס — האבען מיר אויף אונזערע נשמות געטראָגען הונדערטע פון דיא פערשיעדענסטע און שרעקליכסטע פערברעכען געגען פרויען; און דאָך, ווען מיר, דרייסיג־יעהריגע הולטאַיעס, קומען אריין אין א זאאַל, ריין ארומגעוואַשענע, ריין ארומגעגאָלטע, ארומגעפּארפיומירטע, אין קלאָהר־ווייסע וועש, אין פראַקען אדער אין מונדירען, — ווען מיר קומען אזוי אריין אין א זאַל אָדער אויף א באַל, זיינען מיר דער אויסדרוק פון ציכטיגקייט און ריינקייט, — פּראָסט א מחיה צו קוקען!....

בערעכענט נור, וויא עס האָט זיך בעדאַרפט פיהרען און ווי עס פיהרט זיך אין אמת'ן! בעדאַרפט זיין האָט אזוי: ווען אין א געזעלשאַפט גייט צו צו מיין שוועסטער אָדער צו מיין טאָכטער אזא יונגער מאַן, און איך ווייס וואָס פאַר א לעבען ער פיהרט, האָב איך געדאַרפט איהם אָברופען אָן א זייט און איהם זאָגען אין דער שטיל: „הער נור! איך ווייס דאָך וויא אזוי דו פיהרסט זיך אויף, וויא אזוי און מיט וועמען דו פערברייננגסט דיינע נעכט; פאַר דיר איז דאָ קיין פּלאַץ ניט. דאָ געפינען זיך ריינע, אונשולדיגע מעדכען, געה בעסער אוועק פון דאַנען!“ אזוי האָט מען בעדאַרפט טהאָן; אין אמת'ען אָבער טהוט מען גאָר אזוי: ווען אזא מענש טאַנצט מיט אונזער שוועסטער אָדער טאָכטער און נעהמט איהר אָרום, קוועלען מיר נאָך, — אבי ער איז נור רייך און שטאַמט פון א גרויסע פּאַמיליע: וואָסי? — טאָמער וועט ער אזוי גוט זיין און מיין טאָכטער טהאָן דיא עהרע און נאָך דיא שטראָסען־פרויען מיט איהר אויך האָבען אָן עסק! אי טאָמער בלייבען סליאַדען פון געוויסע קראַנקהייטען? מאַכט דאָך דאָס אויך ניט אוים! היינט היילט מען דאָך אזוי גוט! יאַ, איך קען עטליכע טעכטער פון הויך־אַריסטאָקראַטישע פּאַמיליען, וועלכע מען האָט מיט שמחה, מיט גדולה חתונה געמאַכט פאַר מענער מיט געוויסע קראַנקהייטען... אָה, אָה, וויא העסליך!.... אָבער ניש־

קשה, עס וועט אמאָל קומען דיא צייט, ווען דיזע פּאסקוד־סטוואָ און פאַלשקייטען וועלען אויפגעדעקט ווערען.

פּאָזדנישעוו האָט עטליכע מאָל אַרויסגעלאָזען זיין זאָנ־דערבאַרען קלאַנג און האָט זיך גענומען צו דיא טהיי. דיא טהיי איז געווען שרעקליך שטאַרק.

— עס איז ניט געווען קיין וואסער אויף צוצוגיסען—האָט ער געזאָגט.

דיא צוויי גלאָז, וואס איך האב אויסגעטרונקען, האבען מיר אונרוהיג געמאַכט.

מסתמא האָט דיא טהיי איהם אויך אויפגערעגט, וואָרים ער איז געוואָרען אַלץ נערוועזער און נערוועזער. זיין שטימע האָט אַלץ מעהר געקלונגען אַזוי וויא ער וואָלט געזונגען, און זיא האָט געמאַכט אַלץ אַ טיעפערען איינדרוק. אַלע ווייַלע האָט ער זיך אַנדערש איבערגעזעצט; דאָ האָט ער אויסגעטהאָן זיין היטעל, דאָ איהר וויעדער אָנגעטהאָן; און אין דיא האַלבע פינסטערניס, וועלכע האָט אונז אַרומגערינ־געלט, האָט זיין געזיכט זיך זאָנדערבאַר געענדערט.

— נו, און אַזוי האָב איך אָבגעלעבט ביז דרייסיג יאָהר—האָט ער ווייטער גערעדט—אויף קיין איינציגע מינוט האָב איך ניט אויפגעהערט צו קלעהרען וועגען חתונה האָבען און וועגען איינפיהרען דעם העכסטען און ריינסטען זאָרט פאַמי־ליען־לעבען; מיט דיעזען צוועק פלעג איך אַלץ זוכען אַזא מעדכען, וואָס זאָל זיך צו אַזאַ ערהאַבענעם לעבען פּאַסען. אליין האָב איך זיך געוואַלגערט אין דעם מיסט־קאַסטען פון הולטאַיסטוואָ, און צו דער זעלבער צייט האָב איך געזוכט אַזאַ מעדכען, וואָס זאָל מיט איהר ריינקייט ווערטה זיין צו זיין מיין פרוי!

פיעלע מעדכען האָב איך פאַרבראַקירט דערפאַר, וואָס זיי זיינען ניט געווען ריין גענוג פאַר מיר, ביז ענדליך, האָב איך געפונען איינע, וואָס איך האָב גערעכענט, אז זיא איז ווערט מיר צו האָבען פאַר איהר מאַן; דאָס איז געווען איינע פון צוויי טעכטער פון אַ גוט־בעזיצער פון פענזער גובערניע.

ער איז אַמאָל געווען רייך; אָבער דאַן האָט ער שוין געהאַט פארלאָרען זיין אייגענס.

איין מאָל, אין אַ'ן אבענד, האָב איך זיך מיט איהר געשיפט איבער'ן טייך, און דערנאָך זיינען מיר געזעסען לעבען איהר פאָטער'ס שטוב. עס האָט געשיינט דיא לבנה און מיר זיינען געווען איינע אליין; איך האָב געקוואָלען קוקענדיג אויף איהר שלאַנקע פיגור, וואָס איז געווען בעצויגען מיט אַ „דזשערזי"־יאַקעל און אויף איהרע שעהנע לאָקען, און אַזוי זיצענדיג לעבען איהר, האָב איך פלוצלונג ביי זיך גע'פסקן'ט, אז זיא איז דאָס דיא, וועמען איך דאַרף האָבען פאר אַ פרוי. אין יענעם אבענד האָט זיך מיר געדוכט, אַז זיא פערשטעהט אלץ — אלץ וואָס איך פיהל און טראַכט, און אַז מיינע געפיהלען און געדאַנקען זיינען דיא איידעלסטע און ערהאבענסטע. דער אמת איז געווען, אַז דיא „דזשערזי" און דיא לאָקען האָבען זיך פראַסט זעהר שעהן געפּאַסט צו איהר פנים, און אַז אַזוי וויא איך האָב אַ גאַנצען טאָג פערבראַכט נאָהענט לעבען איהר, האָט מיר געצויגען צו נאָך מעהר נאָהענטקייט.

מערקווירדיג, וויא שעהנהייט נאַרט דעם מענשען. אַ שעהנע פרוי רעדט נאַרישקייטען און איהר הערט זיך צו און איהר הערט קיינע נאַרישקייטען; אלץ וואָס זיא זאָגט קומט ביי אייך אוים קלוג. זיא זאָגט עקעלהאַפטע זאַכען, זיא טהוט עקעלהאַפטע זאַכען און איהר זעהט אין דעם נור ליעבליכעס. און ווען אַ פרוי זאָגט קיין נאַרישקייטען ניט און קיין שלעכטע זאַכען הערט איהר פון איהר אויך ניט, און דערצו איז זיא נאָך אַ שעהנע אויך, דאַן זייט איהר פראַסט איבערצייגט, אַז זיא איז וואונדערבאַר קלוג און אָרענטליך!

יענעם אבענד בין איך אוועק אהיים אַ'ן ענטציקטער; איך האָב זיך געקלעהרט אַז זיא איז דיא העכסטע שטופע פון מאָראַלישע פאָלקאָמענהייט; אַלזאָ איז זיא ווערט צו זיין מיין פרוי; און אויף מאָרגען האָב איך שוין געבעטען איהר האַנד.

בערעכענט, וואָס פאר אַ פּלאָנטער דאָס איז! פון טויד־

זענדער מענער וואָס הייראַטהען,—ניט בלויז אין אונזער פריי־צישען קלאַסס נור צווישען דעם פּראָסטען עולם אויך,—איז דאָך כמעט ניטאָ קיין איינציגער, וואָס האָט פאַר דער חתונה שוין ניט געהאַט געהייראַטהעט אַ מאָל צעהן, אָדער זאָגאַר הונדערט, טויזענד מאָל.

עס איז אַפּילו אמת, אַז, וויא איך הער, און וויא איך האָב זיך טאַקי ערקונדיגט, זיינען היינט פאַראַן ריינע יונגע לייט אויך,—יונגע לייט, וואָס פיהלען און ווייסען, אַז דיא הייראַטה איז קיין קליינינגקייט ניט,—אַז עס איז אַ גרויסע און הייליגע זאַך. אַזעלכע יונגע לייט קען איך נור צו־ווינשען אַלעס גוטעס; אָבער אין מיינע צייטען איז אַזאַ מאַן ניט געווען צו געפינען, אַפּילו איינעם צווישען צעהן טויזענד. אין אַלע ראָמאַנען ווערען מיט איינצעלהייטען בעשריעבען דיא געפיהלען פון דיא העלדען, דיא סאַזעווקעס, בוימלעך, קוסטען, אַרום וועלכע זיי שפּאַצירען; באַמערקט אָבער: ווען מען שילדערט דיא „ערהאַבענע“ ליעבע, וואָס אַ יונגער מאַן פיהלט צו אַ מעדכען, פאַרגעסט מען זיך גאָר דערביי צו דערציילען, וואָס מיט דעם אינטערעסאַנטען העלד איז פריהער געווען; קיין איינציגען וואָרט וועגען זיינע וויזיטען אין געוויסע הייזער, וועגען דיא דיענסט־מיידלעך אָדער פרעמדע ווייבלעך, מיט וועלכע ער האָט געהאַט אַ'ן עסק. און, אויב עס זיינען יאָ דאָ ראָמאַנען, אין וועלכע מען שרייבט אַזעלכע זאַכען, לאָזט מען זיי ניט צו צו קיין אַנשטענדיגע מעדכען,—צו דיא, וועמען עס איז גראָד נויטהיג אַזעלכע ביכער צו לעזען, אום זיי זאָלען וויסען, ווער זייערע חתנים זיינען.

פון אָנהויב מאַכט מען זיך פאַר דיא מעדכען כלומרשט אַזוי וויא דיא צולאָזענהייט און הולטאַיסטוואָ, מיט וועלכע עס איז פולל אַ העלפט פון דעם היינטיגען לעבען אין דיא שטעדט און דיא דערפער,—אַזוי וויא דאָס אַלץ וואָלט גאָר ניט עקזיסטירט אויף דער וועלט. און אַזוי געהט דאָס כסדר ביז מיט דער צייט געוואָהנט מען זיך צו דיעזע פאַלשקייט אַזוי

צו, אַז מען הויבט אַליין אָן צו גלויבען, אַז מיר זיינען אַלע ריינע מענשען און לעבען אין אַ ריינע וועלט. דיא אונשולדיגע מעדכען גלויבען דאָס טאַקי נעבעך מיט'ן גאַנצען האַרצען; און אַזוי האָט אויך געגלויבט מיין אונגליקליכע פרוי; איך געדיינק, וויא חתן־וויז האָב איך איהר אַמאָל געוויעזען מיין טאָגע־בוך. פון דיעזען טאַגע־בוך האָט זיא אַ ביסעל, וויניגסטענס, געקענט בעקאַנט ווערען מיט מיין פערגאַנגענהייט, הויפּטזעכליך מיט דיא לעצטע פערהעלטניסע, וואָס איך האָב געהאַט מיט אַ פרויען־צימער. זיא האָט וועגען דעם געקענט זיך דערוויסען פון אַנדערע, פערשטעהט איהר מיך; אַלזאָ האָב איך זיך גערעכענט, אַז איך וועל איהר בעסער אַליין דערציילען. איך געדיינק וויא שרעקליך איהר איז דערפון געוועזן, וויא פערצווייפעלט און פאַרשעמט זיא איז געוואָרען, ווען זיא האָט פערשטאַנען וועגען וואָס דאָ האַנדעלט זיך. איך האָב געזעהן אַז זיא וויל מיר אַוועקוואַרפען... און פרעגט פאַר וואָס האָט זיא מיר טאַקע ניט אַוועקגעוואָרפען? !...

פּאָזדנישעוו האָט אַרויסגעלאָזען זיין נערוועזען אָבגעהאַקטען געלעכטעריל, האָט גענומען אַ זופּ טהיי און איז אויף אַ ווײַלע אַנשוויגען געוואָרען.

.6

— איבעריגענס, אַזוי איז בעסער! בלעבען אַזוי איז בעסער!—האָט ער אויסגעשריען—רעכט אויף מיר!... אָבער ניט דאָס בין איך אויסען. איך האָב געוועלט זאָגען, אַז אייגענטליך ווערען דאָך אָבגענאַרט בלויז די אונגליקליכע מעדכען.

דיא מוטערס ווייסען אַלע, הויפּטזעכליך דיא מוטערס, וועלכע ווערען ערצויגען פון זייערע מענער—זיי ווייסען דאָס גאַנץ גוט. און מאַכענדיג זיך, אַז זיי גלויבען אין דיא ריינקייט פון מאַנס־פאַרשוינען, האַנדלען זיי פונקט קאַפּויר; זיי ווייסען שוין מיט וואָס פאַר אַ נעץ צו פאַנגען מענער אי פאַר זיך אַליין אי פאַר זייערע טעכטער.

בלויז מיר, מענער, ווייסען דאָס ניט — און מיר ווייסען דאָס ניט, ווייל מיר ווילען דאָס ניט וויסען; דיא פרויען אָבער

ווייסען גאַנץ גוט, אַז דיא ערהאבענסטע, דיא העכסט פּאָעטי־שע ליעבע, וויא מיר רופען דאָס, ווענדט זיך ניט אָן קיין מאָראַלישע מעלות, נאָר אָן קערפּערליכע נאָהענטקייט פון דעם מאַנספּארשוין מיט דער פרויען־צימער; אויך אָן דעם, וויא דיא פרויען־צימער קעמט זיך, אָן דעם קאָליר און אָן דעם פאַסאָן פון איהר קלייד. פרעגט ביי אַ געניטע קאָקעטקע, וועלכע האָט זיך געשטעלט דיא אויפגאַבע צו פאַנגען אַ גע־ווּיסען מאַנספּארשוין, פרעגט איהר, מיט וואס ווּעט זיא גיכער ריזיקירען: מיט דעם, וואָס מען ווּעט איהר פאַר יענעם מאַנס־פּארשוין כאַפּען ביי אַ ליגען, אָדער ביי עפּעס אַ שלעכטקייט, אָדער גאָר ביי הולטאַיסטווּאָ,—אָדער מיט דעם, וואָס זיא ווּעט זיך פאַר איהם בעוויייזען אין אַ שלעכט אויפגענייטע און מיאוס'ע קלייד? — פרעגט דאָס איהר, ווּעט זיא זיך געווּיס אויסקלייבען דאָס ערשטע. זיא ווייס, אַז מיר, מענער, זאָגען בלויז ליגען, ווען מיר ריידען מיט אַ פרויען־צימער וועגען הויכע געפיהלען; זיא ווייס, אַז אונז אינטערעסירט בלויז איהר לייב, איהר קערפּער; און אַז דעריבער וועלען מיר איהר מוחל זיין יעדע מאָראַלע העסליכקייט, אַ מיאוס'ען קאָסטיום אָבער וועלען מיר איהר ניט מוחל זיין.

דיא קאָקעטקע ווייס דאָס קלאָהר, און דיא אונשולדיגע מעדכען פיהלט דאָס זעלבע אינסטינקטיוו, אַזוי וויא חיות, למשל, פיהלען געווּיסע זאַכען.

פון דעם שטאַמען דאָס דיא נידערטרעכטיגע יאַקלעך, דיא מורניוּרען (באָסעלם), דיא דעקאָלטירטע, נאַקעטע פּלייצעס, אַרעמס און בריסט; דיא פרויען, הויפּטזעכליך דיא וואָס האָבען שוין דורכגעמאַכט זייער שטודיום מיט מענער, ווייסען גאַנץ גוט, אַז דיא געשפּרעכען וועגען הויכע זאַכען, וואָס מענער פיהרען מיט זיי, זיינען זיך געשפּרעכען; אָבער אַז דאַרפען דאַרף דער מאַנספּארשוין פון דעסטוועגען אַ פרויען קערפּער מיט דיא אַללע פּוצונגען, וועלכע גיעבען דיעזען קער־פּער אַ פאַלשע, אָבער צוציהענדע פאָרמע; און דאָס שאַפען זיי, דיא ווייבער. ווען מען זאָל אַראָפּנעהמען דיעזע געוואָהנ־

הייט צו מאַסקירען זיך, וועלכע איז שוין געוואָרען אַ צווייטע נאַטור, ווען מען זאָל זיך צוקוקען צו דעם לעבען פון אונזערע העכערע קלאַססען, וויא ער איז אין אמת'ן, מיט זיין גאַנצע אונפערשעהמטהייט, איז דאָך דאָס איין גרויסע פּראָסטיטוציאָנס־הויז... וואָס? איהר זייט ניט איינפערשטאַנען? אָט וועלל איך אייך בעווייזען, אַז איך איבערטרייב ניט אַ האָאָר. איהר זאָגט, אַז דיא פרויען פון אונזער געזעלשאַפט האָבען גאָר אַנדערע לעבענס־אינטערעסען וויא דיא פרויען פון אַ מיאוס'ע הויז, און איך זאָג אייך, אַז איהר האָט אַ טעות, און וועל דאָס אייך בעווייזען. ווען מענשען האָבען פערשיעדענע ציעלען, ווען דער אינהאַלט פון זייער לעבען אין פערשיעדען, דאַן מוז זיך דיעזער אונטערשיעד זעהן פון דרויסען אויך; זייער אויסערליכער לעבען מוז דאַן אויך זיין פערשיעדען; וויא איז אָבער אין אמת'ן? גיט אַ קוק אויף יענע אונגליקליכע, פעראַכטעטע גאַססען־פרויען און אויף דיא העכסט אַריסטאָקראַטישע דאַמען: דיא זעלבע פּוצונגען, דיא זעלבע פּאַרפּומעס, דיא זעלבע דעקאָלטירונג פון דיא אָרימס, פּלייצעס, בריסט, דיא זעלבע אַרויסשטעלונג פון טורניורען, דער זעלבער חשק צו שעהנע שטיינדעלעך, צו טהייערע בליסטשענדע ציערונגען, דיא זעלבע פערגניגענס, טענץ, מוזיק, געזאַנג. וויא דיא, אַזוי אויך יענע, סטאַרעווען זיך אונז צו פאַנגען מיט דיעזע מיטלען, פּונקט מיט דיא זעלבע מיטלען.

.7

— יאָ, יאָ! הקיצור, דער „דזשערזי"־יאַקעל און דיא לאָקען האָבען מיר געפּאַקט אין נעץ אַריין, און מיר פּאַקען איז קיין גרויסער קונץ ניט געוועזן, ווארים איך בין דאָך ערצויגען געוואָרען אונטער אַזעלכע אומשטענדען, וועלכע מאַכען, אַז אַ יונגער מאַן זאָל זיך גרינג איינליעבען. דיא צוהיצענדע שפּייז, וואָס מיר עסען איבער'ן מאָס, ווערענד מיר טהוען קיין שום קערפּערליכע ארבייט ניט, דיא צוהיצענדע שפּייז איז

דאָך ניט מעהר וויא א מיטעל שטענדיג אין אונז פאַרנאַנ־דערצוברענען דיא תאוה. איהר מעגט זיך וואונדערען פון מיינע רייד וויא פיעל איהר ווילט, עס איז אָבער פּאָרט אזוי. ביז דאָ ניט לאַנג האָב איך דאָס אויך ניט פערשטאַנען; איצט אָבער פאַרשטיי איך שוין; אָט דעריבער פערשאַפט דאָס מיר אַזעלכע יסורים,—וויל קיינער בעמערקט דאָס ניט און אַלע ריידען אַזעלכע נאַרישקייטען, וויא דיא דאַמע, וואָס איז דאָ געזעסען.

יא, לעבען מיר האָבען אין פריהלינג געאַרבייט פויערים; זיי האָבען אָנגעשאָטען ערד צו דער באַהן, וואָס האָט זיך דאָר־טען געבויט. דיא געוועהנליכע שפייז, וואָס א פויער עסט אין דאָרף, איז: ברויט, קוואַס און ציבעלע. ער איז געזונט און מונטער און טהוט זיך זיין לייכטע פעלד אַרבייט; ער קומט אָן צו דיא אייזען־באַהן אַרבייט און מען גיט איהם שוין קאַשע מיט א פונט פלייש א טאָג. דיעזע פלייש עסט ער אָבער ווען ער אַרבייט 16 שטונדען א טאָג ביי א 30־פודיגע טאַטש־קע; נו, און מיר, פריצים, עסען צוויי פונט פלייש און פויג־לעך און פיש און אַלערליי געשמאַקע אכילות און געטראַנ־קען וואָס צוהיצען דעם קערפער, און קיין אַרבייט טהוען מיר גאָר ניט. וואָס זשע ווערט פון דיעזע שפייז און געטראַנק? אויף וואָס געהט דאָס אַוועק? אויף תאוה! שטעלט מען דיעזע תאוה צופריעדען, איז שוין אַלץ מיט מזל; גיט מען אָבער דיא תאוה ניט נאָך א געוויסע צייט, וויא איך האָב געטהאָן, דאַן פאַנגט זיך גלייך אָן א צוהיצטקייט, א צורייצטקייט; און אין אונזער אוננאַטירליכען לעבען, דריקט זיך דאָס אויס אין איינליעבען־זיך, וויא מען רופט עס. אַלזאָ, האָב איך זיך איינגעליעבט, וויא אַלע ליעבען זיך איין.

אַלע סמנים פון ליעבע זיינען ביי מיר געווען: איך האָט געקוואָלען, בין געווען ענטציקט, בין געווען פולל מיט גע־פיהלען, מיט פּאָעזיע, אַלץ וויא דער שטייגער איז. אין אמת'ען אָבער האָט מיין ליעבע געהאַט צו פערדאַנקען ער־שטענס דיא סטאַראַניעס פון מיין כלה'עס מוטער און פון

איהר שניידער, און צוויימענס, דאָס וואָס איך האָב צו פיעל און צו רייך געגעסען און דערביי ניט געטהאָן קיין שום אר־בייט. ווען איך וואָלט זיך מיט איהר ניט געשיפט, ווען דער שניידער וואָלט ניט בעזאָרגט, אַז איהר טאַליע זאָל אויס־זעהן שעהנער און זאָ ווייטער, ווען זיא וואָלט געטראָגען אַ פּראָסט געניימע קליידעל און ווען איך, פון מיין זייט, וואָלט ניט געגעסען איבער'ן מאָס און וואָלט דאַן גראָד ניט אָבגע־האַלטען מיינע הולטאַיסטוועס, — וואָלט איך זיך אין איהר ניט איינגעליעבט, און דער גאַנצער אונגליק וואָלט ניט גע־טראָפען.

8.

— דערצו נאָך איז דאָ אַלץ גראָד געווען וויא צוגעפּאַסט: אי מיין פינאַנציעלע לאַגע, אי איהרע שעהנע קליידער, אי דאָס שיפען זיך, וואָס דאָס איז געווען אַ'ן אָנגעשטעלטע זאַך פון איהר מוטער; צוואַנציג מאָל האָט זיא שוין זיך געסטאַ־רעט צו מאַכען אַזוי, אַז איך זאָל מיט איהר טאָכטער זיך געהן שיפען; אָבער ביז אַהער האָט זיך דאָס איהר אַלץ ניט איינגעגעבען, און דיעזען מאָל האָט איהר גראַד געראָטען— פונקט וויא אַ קאַסטקע, וואָס פיעל מאָל קאַפּט זיא דיא חיה ניט אריין און איין מאָל גראָד יאָ. און עס איז דאָך, דאַכט זיך, גאַנץ נאַטירליך: שוין ניט קיין מיידעלע, שוין צייט התונה צו מאַכען. וואָס קען, דאַכט זיך, זיין פּראָסטער,— אויב דיא מיידעל איז ניט קיין מיאוס'קייט, און אויב עס זיינען דאָ יונגע לייט, וואָס וויללען חתונה האָבען? אַזוי פלעגט זיין פאַרצייטען. אַ מיידעל איז אויסגעוואַקסען, האָבען דיא עלטערען איהר בעזאָרגט מיט אַ שידוך. אַזוי האָט זיך גע־פיהרט און אַזוי פיהרט זיך אויף דער גאַנצער וועלט: ביי דיא כינעזען, ביי דיא אינדיער, ביי דיא מאַכמעדאַנער, ביי אונזערע פויערים; אַזוי פיהרט זיך וויינינגסטענס ביי 99 פּראָצענט פון אַלע מענשען אין אַלע לענדער. בלויז ביי אונז, הולטייעס, ביי דעם איין הונדערט־טהייל, אָדער נאָך וויניגער, האָט מען זיך מיישב געווען, אַז אַזוי טויג ניט; און מען

האָט אויסגעקלעהרט א נייעס. וואָס־זשע פאַר א נייעס? דאָס, פערשטעהסט איהר מיך, וואָס די מיידלעך זיצען און ווארטען, און די יונגע לייט קומען וויא אויף א מארק און קלייבען. און די מיידלעך ווארטען און זאָגען מיט די אויגען, הגם זיי סמייען דאָס ניט ארויסצוריידען מיט'ן מויל: „נעהמט מיר! ניין, מיר, ניט איהר,—מיר! זעהט נאָר וואָס פאר פלייצעס איך האָב!...“—און מיר, מענער, טאנצען ארום זיי און קוקען זיך צו און זיינען זיך זעהר צופריעדען. אזוי וויא מיר וואָלטען זאָגען: „איך פערשטעה זיך אויף די זאַכען, ניש־קשה, מיר פאקט מען ניט אין זאַק אריין!“ מיר טאנצען אזוי ארום, מיר קוקען אזוי זיך צו, מיר קווועלען, וואָס אַלץ איז צוגעריכט פון אונזערט־וועגען, און מיט א מאָל,—מיר פארגעסען זיך נור א ווייל צו היטען,—און שוין! די פאסטקע האָט ייך שוין צוגעקלאפט,—און געפאקט!

— וויא זשע דען זאָל זיין? — האב איך געפרעגט — וויא זשע דען ווילט איהר? אז די פריילין זאָל דעם יונגען מאַן מאַכען דעם פאָרשלאַג וועגען הייראטען?

— דאס קען איך אייך ניט זאָגען — האט פאזדנישעוו געענטפערט — אבער וויא באַלד אַז יע גלייכהייט, טאָ זאָל שוין זיין גלייכהייט. אויב חתונה צו האבען דורך א שדכן איז מיאוס, איז דאָך די היינטיגע פיהרונג הונדערט מאָל מיאוס'ער. דאָרטען זיינען די רעכטע און די אויסזיכטען וועניגסטענס גלייך; און דאָ איז די מיידעל ענטוועדער א שקלאפין, וואס מען בריינגט אויפ'ן מארק, אדער א שטיק פלייש, וואס מען שטעלט אריין אין א פאסטקע אום אריינצוגאַרען די חיה, וואס מען וויל פאנגען. פרופט דער מוטער אדער דער מיידעל גופא זאָגען דעם אמת, אַז זיא איז בלויז בעשעפטיגט מיט'ן פאַנגען חתנים — זאָל גאָט אויסהיטען וואס פאר א בעליידיגונג דאס ועט זיין! און דאָך טהוען זיי דאס אַלע און האבען קיין אַנדער זאַך ניט וואס צו טהאָן. שרעקליכער פאר אלעם איז צו זעהן, וויא מיט דיעזע חתנים־געיעג זיינען אמאָל בעשעפטיגט נאָך גאַנץ יונגינקע און אונשולדיגע מיידע־

לאַך; וואָלט דאס כאָטש געטהאָן געוואָרען אָפען, — איז ניין, אַלץ איז מיט פאַלשקייט, אַלץ מיט פערשטעלענעס און צבועצסטווא! „אַך, דאַרווין'ס ווערק איבער דיא אבשטאַמונג פון מינים! אַך, וואָס פאַר אַ אינטערעסאַנטער בוך! אַך, לילי אינטערעסירט זיך מיט בילדער, אַז עס איז גאר אַ גרויל!... און איהר קלייבט זיך אויף דיא בילדער־אויסשטעלונג? וויא בעלעהרענד דאס איז! און דיא דראַמאַ, און מוזיק? אַך, וואונ־דערבאַר! מיין לילי געהט גאר אוים פאר מוזיק! און ווארום זייט איהר ניט איינפערשטאַנען מיט מיין מיינונג? און שיפען זיך!..."

און בשעת מען פיהרט אַזעלכע געשפּרעכען, האט מען אין קאָפּ בלויז איין געדאַנקען: „נעהם, אָה נעהם מיין לילי! ניין, נעהם מיר! פּרוּף כאָטש!..." אַ, ניעדערטרעכטיגקייט, אָה, צבועצסטווא! — האט פּאָזדנישעוו אויסגעשריען, און דערטרינקענדיג זיין גלאָז טהיי האט ער אנגעהויבען אויפצו־ראַמען זיין טשייניק מיט דיא צוקער מיט דיא גלעזער.

9.

— ווייסט איהר, — האט ער ווידער אנגעפאַנגען, אריינלייגענדיג דיא טהיי מיט דיא צוקער אין זיין רייזע־זאַק — ווייסט איהר, אַז דיא פרוי'ס הערשאַפט, פון וועל־כע די וועלט ליידעט אזוי... אַלץ קומט דאָך ארוים פון דעם, וואס איך האב געזאָגט.

— זייט ווען זיינען דאס דיא פרויען דיא הערשער? — האָב איך איהם איבערגעשלאָגען — דאכט זיך מענער האָבען מעהר רעכטע, וויא פרויען...

— כאַ, כאַ, דאס וואס איך וויל זאָגען, גיט טאַקע אַן ער־קלעהרונג אויף דעם — האט ער זיך אבגערופען, ניט לאָזענדיג מיר ענדיגען, — דאס ערקלערט דאָך טאַקי דעם פאַקט, דאס פון איין זייט ווערט דיא פרוי געטראָטען אונטער דיא פיס און פון דער אַנדערער זייט הערשט זיא איבער אונז. אזוי וויא דיא אידען, וועלכע מיר אונטערדריקען, און וועלכע זיינען זיך דערפאַר נוקם מיט זייער געלד־הערשאַפט איבער אונז. „איהר,

קריסטען, ווילט מיר זאָלען בלויז זיין סוחרים? איהר לאָזט אונז צו קיין זאַך ניט צו? גוט; מיר, אידישע סוחרים, וועלען הערשען איבער אייך" — זאָגען דיא אידען — און דיא פרויען זאָגען צו אונז אַהן ווערטער: „איהר, מענער, ווילט מיר זאָלען בלויז זיין דיא געצייג פון אייער תאוה? — גוט, מיר, געצייג פון אייער תאוה, וועלען אייך פארקנעכטען". דיא רעכטלאָזיגקייט פון דיא פרוי בעשטעהט ניט אין דעם, וואס זיא קען ניט שטימען ביי דיא וואהלען, אדער וואס זיא קען ניט זיין קיין ריכטער, נור אין דעם, דאס אין דיא שייכות צווישען מאַן און פרוי האט זיא ניט דיא זעלבע רעכטע וויא ער: זיא האט ניט דאס רעכט מיט איהם זיך צו בענוצען אדער פון איהם זיך צוריקצוהאלטען, נאָך איהר פערלאַנג נאָך; זיא האט קיין רעכט ניט זיך אויסצוקלייבען דעם מאַן, וואס איהר געפעלט, נור זיא ווערט אויסגעקליעבען; איהר זאָגט, אַז, ווען עס וואָלט זיך געפיהרט אַנדערש וויא איצט, וואָלט זיין העסליך. גוט, זאָלען אָבער דיא מענער אויך ניט האבען דיזע אַלע רעכטע. היינט אבער האט דיא פרוי דיזע רעכטע ניט און דער מאַן האט זיי יע. נו, אום דאָך צו קריגען איהרע רעכטע, ווירקט זיא אויף דיא תאוה פון דעם מאנספארשוין. דורך דיזע תאוה מאַכט זיא איהם אזוי ווייט אונטערטהעניג, אַז דאָס וואָס דער מאַנספּארשוין קלייבט זיך אויס אַ פרוי, איז ניט מעהר וויא אַ אויסערליכע פאָרמע. אַ פּוסטע צערעמאָניע. אין אמת'ן איז זיא גאַר דיא אויסקלייבערקע. און איין מאָל האָט זיא דיזען מיטעל אריינגעקראָגען אין האַנט, מיסברויכט זיא איהם און בעקומט דורך איהם א שרעקליכע הערשאַפט איבער דיא מענער.

— וואו זעהט איהר אבער דיזע הערשאַפט איהרע? — האב איך געפרעגט.

— וואו? אומעטום, אין יעדער זאַך! געהט זיך דורך אין א גרויסע שטאָדט איבער דיא קראָמען. עס איז ניט אבצושאַצען דיא מיליאָנען, דיא מענשליכע קרעפטען, וואס דיא סחורות קאָסטען אָפּ. קוקט זיך אבער צו, וועט איהר זעהן, אַז

אַפּילו אין אַ צעהנטעל פון אַלע קראַמען פאַרקויפט מען ניט קיין אַרטיקלען וועלכע מאַנספּאַרשוינען געברויכען; דער גאַנ־צער לוקסוס פון לעבען, אַלע טהייערע זאַכען ווערען געמאַכט פאַר פרויען.

בעטראַכט אַלע פאַבריקען; אַן אונגעהייערע טהייל פון זייער ארבייט דאַך איּם בלויז נוצלאָזע פוצונגען, ציערונגען, קאַרעטען, מעבעל און אַלערליי נאַרישע שפּיעל־צייג פאַר פרויען. מילליאָנען מענשען, גאַנצע דורות קנעכט ווערען פער־לאָרען אין דיעזע קאַטאָרזשנע אַרבייט אויף דיא פאַבריקען, אַלץ צוליעב דיא קאַפּריזען פון פרויענצימער. דיא פרויען זיי־נען אזוי וויא קעניגינען: אין שקלאַפעריי, אין געפאַנגענשאַפט ביי שווערע אַרבייט האַלטען זיי ניין צעהנטעל פון דער מענשהייט. און דאס אַלץ איז צוליעב דעם, וואס מען האָט זיי ערניעדריגט, וואָס מען גיט זיי ניט דיא זעלבע רעכ־טע, וועלכע מענער האבען. זיי נעהמען אַלזאָ ראַכע מיט דעם, וואס זיי פאַנגען אונז אין זייערע נעצען; יאָ, אַלץ שטאַמט פון דעם.

דיא פרויענצימער האט פון זיך געמאַכט א וואפע, וועל־כע ווירקט אַזוי אויף אונזערע ליידענשאַפטען, דאס דער מאַנספּארשוין קען רוהיג און געלאַסען מיט איהר גאר ניט ריי־דען; וויא נור א מאנסביל געהט צו צו א דאַמע, אַזוי ווערט ער וויא אנגע׳שיכור׳ט פון איהר; ער איז אָהן א קאָפּ. פריהער פלעג איך ווערען א צוטומעלטער פון דעם; ווען נור איך פלעג זעהן אַן אויסגעפוצטע דאַמע, אין א דעקאָלטירטע קלייד, פלעג איך ווערען וויא א פערטשאַדעטער. איצט אבער ווערט מיר דערביי פראָסט שרעקליך; איך זעה איינפאַך אין דעם עטוואס געפעהרליכעס; אזוי וויא א וויכטיגען פערברעכען; מיר ווילט זיך פראָסט רופען פאָליציי, שרייען, אַז מען זאָל קומען בעשי־צען מיר געגען דיעזע געפאַהר, פאָדערען מען זאָל דיא גע־פעהרליכע זאַך צונעהמען, בעזייטיגען.

— איהר לאַכט! — האט ער אויף מיר זיך א בייזער

געטהאָן — עס איז אבער גאר קיין געלעכטער ניט. איך בין איבערצייגט, אז עס וועט קומען דיא צייט, און אפשר נאָך גאר אין גיכען, ווען מענשען וועלען דאס אלץ אנהויבען צו פער־שטעהן און וועלען זיך וואונדערען, וויא אזוי עס האט גאר געקענט עקזיסטירען א געזעלשאפט, אין וועלכע מען האט צוגעלאָזט אזעלכע זאכען, וואס שטערען אזוי דיא געזעל־שאפטליכע רוהע — זאכען, וויא דיא פוצונגען פון דיא פרויענצימער׳ס קערפער, מיט וועלכע מען סטארעט זיך צו צוהיצען דיא מענערשע תאוה. דאס איז דאָך דאס זעלבע וויא אויף דיא שפאציער־פלעצער אויסצושטעלען פאסטקעס צו פאנגען מענשען — נאָך ערגער! ווארום זיינען פערבאָ־טען אזעלכע קאָרטען־שפיעלען, ביי וועלכע מען ווערט שטארק צוקאָכט? פארוואס־זשע פארוועהרט מען ניט, אז פרויען זאָלען זיך פוצען אין אזעלכע קאָסטיומען, וואס צוקאָכען דיא מענערשע בלוט? זיי זיינען דאָך טויזענדער מאָל געפעהר־ליכער.

10.

— הקיצור, מען האָט מיר אריינגעפאקט, וויא איהר זעהט. איך בין געווען פערליעבט, פערשטעהט איהר מיך; אזוי רופט מען דאס. איך האב ניט בלויז איהר געהאלטען פאר דיא העכסטע, ריינסטע און בעסטע בעשעפעניש אין דער וועלט, נאָר דיא גאנצע צייט וואָס איך בין געווען א חתן, בין איך אליין ביי זיך אין דיא אויגען געווען א מין מלאך. עס איז דאָך ניטאָ אויף דער וועלט קיין לומפ, וואס זאָל ניט קענען אויפזוכען עפעס אן אנדער לומפ, וועלכער איז אין א געוויסער בעציהונג נאָך ערגער וויא ער; ער קען שוין וויא עס איז געפינען אן אורזאכע צו שטאָלצירען, זיך צו קנייפען אין בע־קעלע. אזוי איז געווען מיט מיר אויך. איך האב דאָך דאס מעדכען גענומען ניט צוליעב געלד; איך בין דאָך געווען רייך און זיא איז געווען ארים; איך האב אלזאָ מיין שידוך ניט געטהאָן וויא דאס רוב פון מיינע חברים, וועלכע האבען גע־הייראט צוליעב געלד אדער צוליעב אנדערע פראקטישע איג־

טערעסען. דאס איז איינס; צווייטענס, האב איך זיך גע־האַלטען גרויס מיט דעם געדאַנק, אַז מיינע חברים האבען התונה געהאַט מיט דעם צוועק נאָך דער חתונה אויך צו פיהרען דעם זעלבען הולטייסקען לעבען וויא פריהער, ווערהענד איך האב זיך פעסט בעשלאָסען שטרענג צו זיין טריי מיין פרוי. יא, א שוויין בין איך געווען א גרויסער און געהאַלטען האב איך זיך פאר א מלאך.

מיר זיינען געווען חתן־כלה ניט לאַנג. עד היום קען איך זיך ניט דערמאָנען אָן יענע עטליכע וואָכען, וואָס מיר זיינען געווען פער'קנס'ט, וואו איך זאָל ניט ווערען רויט פאר בושה. עס עקעלט מיר פשוט, דערמאָנענדיג זיך אָן דעם. פע, וויא פאַסקודנע! מיט דעם וואָרט ליעבע מיינט מען דאָך גייסטיגע ליעבע, ניט קיין קערפערליכע, ניט קיין תאוה. נו, אויב עס האַנדעלט זיך דאָ וועגען גייסטיגע ליעבע, גייסטיגע שייכות, האָט זיך דאָך דאָס בעדאַרפט אויסדריקען אין גע־שפרעכען, אין רייד... עס הויבט זיך גאָר ניט אָן! ווען מיר פלעגען בלייבען צוזאמען, פלעגט אונז גאָר זיין שווער אויס־צורעדען א וואָרט. מיר האָבען ניט געהאַט וועגען וואָס צו ריידען. אַלץ וואָס מיר האָבען געהאַט צו זאָגען וועגען אונזערע פלענער, וועגען אונזער לעבען, האָבען מיר שוין געזאָגט. ווען מיר וואָלטען געווען פיער־פיסיגע בהמות, וואָלטען מיר גע־וואוסט, אַז צו האָבען א געשפרעך איז ניט אונזער עסק; און דאָ דאַרף מען גאָר ריידען, און וועגען וואָס איז ניטאָ! וואָ־רים דאָס וואָס אונז אינטערעסירט אין דיעזע מאָמענטען קען דורך ווערטער ניט מקוים ווערען; און צו דיא אַלע העסליכ־קייטען איז נאָך דאָ דיא מאָדע מיט דיא קאָנפעקטען פרע־סעריי און דיא עקעלהאַפטע הכנות צו דער חתונה: געשפרע־כען וועגען דער קווארטיר, שלאָף־צימער, שלאָף־קליידער, וועש און אַנדערע אַזעלכע פאַסקודסטוועס. דיא חתונה איז ביי זיי א היילינגטהום! עפעס אַ קליינינגקייט! אַ פון הונדערט מענער וואָס האָבען חתונה, איז ניטאָ קיין איינער, וואָס קוקט אויף דעם וויא אויף אַ הייליגע זאַך, וואָס זעהט אין דיא הייראַט

אירגענד וועלכע פּפליכט... אַי פון הונדערט מענער, וואָס הייראַטען, איז פּיעלייכט ניטאָ קיין איינציגער, וואָס האָט שוין פיעל מאָל ניט געהייראַט, און פון פופציג איז ניטאָ קיין איינער, וואָס געהט ניט אונטער דער חופּה מיט דעם געדאַנק, נאָך דער חתונה צו לעבען מיט פרעמדע פרויען; אַי דאָס רוב מענער קוקען אויף דער האָכצייט־צערעמאָניע, ניט מעהר וויא אויף אַ מיטעל צו קריעגען אַ געוויסע פרוי—בלייבט אַ קשיה! האַלט דאָס אַלעם אין זינען און בעטראַכט דיא בעדייטונג פון די אַלע הכנות צו דער חתונה; איהר וועט זעהן, אַז די גאַנצע געשיכטע האָט אַ פּנים וויא אַ מסחר, — עפּעס אַזוי וויא אַ הולטיי וואָלט דאָ געקומען קויפען אַ מיידעל, — און דיע־זען מסחר פיהרט מען מיט אַ גאַנצע צערעמאָניע.

.11

— אַזוי האַבען אַלע חתונה, און אַזוי האַב איך חתונה גע־האַט. קורץ, עס האָט זיך אָנגעפאַנגען דער „האָניג מאָנאַט“, וויא מען רופט דאָס; אַ מין פּאָדלער נאָמען דאָס איז! — האָט פּאָזדנישעוו אַ הוזשע געטהאָן וויא אַ שלאַנג — אמאָל, ארומשלעפּענדיג זיך איבער דיא פערשיעדענע מוזעאומס, טשי־קאַוועסטען פון פּאַריז, בין אין אַריין אין אַ פּלאַץ, איבער וועלכען עס איז פון דרויסען געהאַנגען אַ שילד פון אַ פרוי מיט אַ באָרד, און פון אַ ים־הונד. ווען איך בין געווען אינע־וויינינג האָב איך זיך ערקונדיגט, אַז דאָס איז געווען אַ מאַנס־פּאַרשוין אין דאַמען־קליידער און אַז דער הונד איז געווען אַ געוועהנליכער הונד, מעהר ניט אויף איהם איז געווען אָנ־געטהאָן דיא פעל פון אַ ים־הונד. דאָס איז אַלץ וויינינג אינ־טערעסאַנט; אינטערעסאַנט איז אָבער געוועזען, ווען איך האָב געהאַלטען ביים ארויסגעהן: דער בעל הבית האָט מיר העפליך געפיהרט פאַר'ן האַנד, און אָנוויזענדיג אויף מיר, האָט ער געזאָגט צו דיא פערבייגעהער: „אָט פרעגט ביי דיעזען הערר, וועט ער אייך זאָגען, וויא אינטערעסאַנט דאָס איז; קומט אַריין, קומט אַריין! איין פראַנק!“ דער בעל הבית האָט געוואוסט, אַז איך וועל ניט וועלען האַבען קיין;

עסק און וועל שווייגען. אַזוי איז מיט דיא יונגע פּאָאַר־פּאָלק: זיי וויסען דיא העסליכקייטען פון דעם זאָגענאַנטען „האָניג מאָנאַט"; זיי שעמען זיך אָבער דאָס אויסצוזאָגען. איך האָב אויך ניט אויסגעזאָגט; אָבער איצטער ווייס איך ניט פאר וואָס איך זאָל ניט זאָגען דעם אמת. עס איז עפּעס אַזוי וויא ווען איך האָב זיך געלערנט רויכערען; עס האָט מיר געקעהרט צום ברעכען ;איך האָב זיך אָבער איינגעהאַלטען; אפילו קיין קרים האָב איך זיך ניט געטהאָן; איך האָב געמאַכט אַ מינע אַזוי וויא איך האָב הנאה. אויב פון רויכערען קען מען הנאה האָבען, וועט מען ערשט הנאה האָבען שפּעטער, ווען מען וועט זיך צוגעוואוינען. אַזוי איז מיט דיא הייראַט אויך. איהר פאַר־שטעהט? דער מאַן מוז דיא פרוי צוגעוואוינען צו דיעזע זינד, אום נאָכהער צו האָבען פערגניגען פון דעם!

— פאַר וואָס זאָלט איהר דאָס רופען זינד? — האָב איך איהם געפרעגט — איהר רעדט דאָך דאָ וועגען אַ גאַנץ נאַטירליכע זאַך...

— נאַטירליכע! — האָט ער איבערגעזאָגט, — איך בין געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז דאָס איז ניט נאַטיר־ליך, יאָ. גאַנץ אוננאַטירליך, פרעגט ביי קינדער, ביי אָרענט־ליכע, ניט־צולאָזענע מיידלעך...

נאַטירליך! נאַטירליך איז עסען, און עסען איז גע־שמאַק, אַנגענעהם, און קיין שאַנדע ניט פון אָנפאַנג אָן; דאָ איז אָבער אי העסליך, אי אַ שאַנדע, אי אַ ווייטאָג. ניין, דאָס איז אוננאַטירליך, און איך האָב זיך איבערצייגט, אַז יעדע ניט־צולאָזענע מיידעל עקעלט פון דעם.

— וואָס רעדט איהר, וויא־זשע וואָלטען געקענט עק־זיסטירען מענשען אויף דער וועלט? —

— אהאַ, טאָמער וועלען קיין מענשען ניט קענען געבאָ־רען ווערען אויף דער וועלט! — (פּאָזדנישעוו האָט דאָס אויסגע־שריען אַזוי, אַז מען האָט געקענט זעהן, דאָס ער האָט דעם אַרגומענט ערוואַרטעט און האָט פון איהם אָפּגעלאַכט)—פרעדי־

גען געגען די הייראַט, כדי די רייכטימער פון פּריצים זאָלען ניט צוברעקעלט ווערן צווישען פיעלע יורשים, כדי יעדער פּריץ זאָל קענען זיין רייכער און פעטער, פּרעדיגען געגען הייראַט, אום מען זאָל קענען מעהר הולטעווען — דאָס מעג מען; פּרעדי־גען אָבער דאָס זעלבע אין דעם נאָמען פון מאָראַל, — דאָס איז שוין גאָט וויים וואָס פאַר אַ פערברעכען! זיי האָבען מורא טאָמער וועלען מעהר קיין מענשען ניט זיין אויף דער וועלט, ווען מענשען וועלען אויפהערען צו זיין חזרים! ענטשולדיגט מיר, — האָט ער זיך צו מיר פּלוצלונג געווענדעט — איך קען ניט פערטראָגען דיא ליכט; האָט איהר גאָר ניט דאַגעגען איך זאָל פערשטעלען? — האָט ער צו מיר געזאָגט, אָנווייזענדיג אויף דיא לאַנטערנע.

איך האָב געענטפערט, אַז איך האָב גאָר ניט דאַגעגען; ער האָט זיך אַ האַסטיגען שטעל געטהאָן און אויף גיך, וויא ער האָט אַלעס געטהאָן, האָט ער פאַרשטעלט דיא לאַנטערנע מיט'ן פאָרהענגעל.

— דאָך, — האָב איך געזאָגט — ווען אַלע וואָלטען זיך אויפגעפיהרט וויא איהר זאָגט, וואָלט דאָך פאָרט דיא מענש־הייט אויפגעהערט צו עקזיסטירען אויף דער וועלט.

ער האָט ניט גלייך געענטפערט.

— איהר דאַגה'ט, וויא אזוי וועט דיא מענשהייט פאָרט־זעצען איהר עקזיסטענץ, — האָט ער דערנאָך אָנגעהויבען. ער האָט זיך ווידער געזעצט אַנקעגען מיר, און ברייט פאַרנאַנדער שפּרייטענדיג זיינע פיס האָט ער זיך אָנגעלעהנט אויף זיי. — איהר דאַגה'ט וויא אזוי דיא מענשהייט וועט פאָרטזעצען איהר עקזיסטענץ? צו וואָס דאַרף זיא פאָרטזעצען איהר עק־זיסטענץ?

— וואָס הייסט דאָס עפּעס צו וואָס?... אַז ניט וואָל־טען מיר דאָך ניט געווען אויף דער וועלט?...

— צו וואָס דאַרפען מיר דאָס עפּעס זיין?

— וואָס הייסט צו וואָס? — צו לעבען.

— און לעבען צו וואָס דאַרף מען? אויב עס איז ניטאָ

קיין צוועק דערביי, אויב דאס לעבען איז אונז געגעבען בלויז אום
מיר זאָלען לעבען, טאָ צו וואס דארף מען דאָס אין גאנצען?
און אויב, וויעדער, דאס לעבען האָט יא א צוועק, דאן דארף
דאָך נעהמען א כוף צו איהם, ווען דיעזער צוועק איז עררייכט;
אזוי קומט דאָך אוים, — האָט ער געזאגט אביסעל אויפגערעגט.
און וויא מען האָט געקענט זעהן, האָט ער דיעזען געדאנק זיינעם
זעהר הויך געשעצט. — בעטראכט נור: „אויב דער צוועק
פון מענשליכען לעבען איז צו טהאָן גוטעס, צו ליעבען, אויב
דער ציעל פון דער מענשהייט איז, וויא דער נביא האָט געזאגט,
זיך צו פעראייניגען וויא אמת'ע געטרייע ברידער, פון שווערד
צו מאכען א סערפּ א. ז. וו. — אויב אזוי, טאָ וואס - זשע האלט
אָב דיא מענשהייט פון דיעזען צוועק? ליידענשאפטען,
תאוה . . . דיא שטארקסטע פון אלע תאוות, איז דיא תאוה
צווישען א מאנספערשוין און א פרויענצימער; דיא קער-
פּערליכע ליעבע. עס קומט אלזאָ אוים, אז ווען מען זאָל פער-
ניכטען דיא אלע תאוות, הויפּטזעכליך דיא ערגסטע פון זיי,
דיא קערפּערליכע ליעבע, וועט דאן אפּגעראמט ווערען דיא
וועג צו דיא אמת'ע ליעבע; דיא פאראויסזאָגונג פון נביא
וואָלט דאן מקוים געווארען, דיא מענשהייט וואָלט זיך פער-
אייניגט, דער צוועק פון איהר לעבען וואָלט עררייכט געווארן;
און זיא וואָלט מעהר לעבען ניט בעדארפט. כל זמן אָבער דיא
מענשהייט לעבט נאָך, האָט זיא פאר זיך א'ן אידעאַל, נאַטיר-
ליך ניט קיין אידעאל פון קראָליקעס אָדער פון חזרים, זיך
וואס מעהר צו פּלאָדען, און ניט קיין אידעאל פון אפען אדער
פּאריזער פראַנטען — וואָס קינסטליכער צופריעדען צו שטע-
לען דיא תאוה, נור דעם אידעאל פון גוטעס. וועלכען מען קען
דערגרייכען מיט דעם. וואָס מען האלט איין דיא תאוה. צו
דיעזען אידעאל האָבען מענשען אימער געשטרעבט און שטרעבען
יעצט, און זעהט וואָס דאָ קומט ארוים!

עס קומט אויס, דאָס דיא קערפּערליכע ליעבע גופא העלפט
דאָ אוים. דער דור, וואָס לעבט איצט האָט דעם מענשליכען
אידעאל ניט עררייכט. ווארום? ווייל איהם שטערען זיינע

ליידענשאפטען, און דיא גרעסטע פון דיעזע ליידענשאפטען איז דיא געשלעכטליכע. און וויא באלד דיעזע ליידענשאפט, דיעזע תאוה איז פאראן, וועט דאך פון דיעזען דור ארויסקומען א נייער דור; אלזא, קען זיין, אז יענער נייער דור וועט צו דעם אידעאל צוקומען. און אויב יענער דור וועט אויך ניט צוקומען, וועט זיין א דריטער דור — וועט ער פיעלייכט צוקומען, א. ז. וו. ביז דיא מענשהייט'ס ציעל וועט ענדליך פארט עררייכט ווערען; עס וועט מקוים ווערען וואס דער נביא האט געזאגט; מענשען וועלען זיך פעראייניגען; און קען דען אנדערש זיין?... אז ניט, טא וואס פאר א זינן האט עס? אויב גאט האט בעשאפען מענשען, אום זיי זאלען עררייכען א געוויסען צוועק, האט ער זיי געמוזט מאכען וויא זיי זיינען איצט. ווען ער זאל זיי וועלען מאכען אנדערש, דאס הייסט ענטוועדער שטערבליך, אבער אהן תאוה, אדער מיט תאוה, נור אונשטערבליך,—וואלט אין ערשטען פאלל דיא גאנצע מענשהייט אויסגעשטארבען ניט איבערלאזענדיג קיין אנדער דור און ניט עררייכענדיג דעם צוועק, און גאט וואלט מוזען בעשאפען אן אנדער מענשהייט; אין צווייטען פאל, ווען מענשען וואלטען געלעבט אייביג און זיי וואלטען גאט'ס ציעל עררייכט, לאמיר זאגען, אין פיעלע טויזענד יאהר—טא צו וואס וואלט זיי גאט שוין דארפען? וואו וואלט ער זיי דאן אהינגעטהאן? זעהט איהר, וויא איצטער איז, איז פארט בעסער. אבער פיעלייכט געפעלט אייך ניט וויא איך דריק זיך אויס; פיעלייכט זייט איהר א עוואלוציאניסט; קומט אבער דאן אויך אויס דאס זעלבע. דער העכסטער קלאס חיות, דיא מענשהייט, אום זיא זאל קענען זיעגען אין דעם לעבענס־קאמפף מיט דיא אנדערע חיות, מוז זיך פעראייניגען וויא בינען אין א בינשטאק, און ניט האלטען אין פרוכטפערען זיך; זיא מוז אויסהאדעווען צווישען זיך אזעלכע, וואס זאלען זיין פריי פון געשלעכטליכע תאוה, פונקט וויא דיא בינען.

ער איז אויף א ווייל אנשוויגען געווארען. דערנאך האט ער ווידער אנגעפאנגען:

— דיא מענשהייט וועט אויפהערען צו עקזיסטירען. קען מען דען נאָך אין דעם צווייפלען? דאָס איז דאָך אזוי זיכער וויא דער טוידט פון אַן איינציגען מענשען. זאָגען אונז דען ניט אַי אַללע רעליגיאָנען אַי דיא וויססענשאַפט, אַז צו דער וועלט מוז אַמאָהל קומען אַ סוף?

12.

— ביי אונז איז דאָך פּונקט פאַרקעהרט: אויב אַ מאַנס־פּאַרשוין רעכענט נאָך זיך צוריקצוהאַלטען פון פרויען ווען ער איז ניט פערהייראַטה, האַלט ער דאָס פאַר אוננויטיג נאָך דער חתונה. דאַן דאַרף ער שוין זיך ניט איינהאַלטען. בעטראַכט נור דיא מאָדע, אַז נאָך דער חתונה זאָל דיא פּאָאר פּאָלק מאַכען אַ רייזע, אַז זיי זאָלען אַ היבשע צייט זיין איינע אַליין, אַז קיינער זאָל זיי ניט שטערען. דאָס איז דאָך ניט מעהר, וויא אַ'ן ערלויבענים פון דיא עלטערן צו דער חתן־כלה, אויף צו הולטעווען, וויפיעל זייער האַרץ געלוסט! דיא מאָראַל קען אָבער איהר שטעדטעל באַשטיין; זיא ווייס שוין וויא זיך אָנצונעהמען איהר קריוודע. ווען מען ברעכט איהרע געזעצע, בעשטראָפט זיא. וויפיעל איך האָב זיך ניט געמאַטערט פערגעניגען צו האָבען פון אונזער „האָניג מאָנאַט", איז גאָר ניט אַרויסגעקומען דערפון. דיא גאַנצע צייט איז מיר געווען אויף'ן האַרצען העסליך; איך האָב זיך געשעהמט, און מיר איז געווען לאַנגווייליג. און באַלד איז געוואָרען נאָך ערגער... עס איז מיר געוואָרען שרעקליך שווער אויף'ן האַרצען. דאָס האָט זיך אָנגעפאַנגען גאַנץ גיך... אויף'ן דריטען אָדער פיערטען טאָג נאָך אונזער חתונה, איז דאָס דאַכט זיך געווען. איך האָב מיין פרוי געפונען אַן אומעדיגע; איך האָב איהר גענומען אויספרעגען וואָס איז דער מעהר, האָב איהר אַרומגענומען, צוגעדריקט צו זיך; איך האָב געמיינט, אַז דאָס איז אַלעס וואָס זיא קען פערלאַנגען. זיא האָט אָבער מיר אָבגעשטופּט פון זיך און האָט זיך צו־וויינט. וואָס האָט זיא געוויינט? זיא האָט אַליין ניט געוואוסט. עס איז איהר געווען אומעדיג, ביטער אויף'ן האַרצען.

מסתמא האָבען איהרע אָנגעמאַטערטע נערוועז שוין איהר גע־לאָזט וויסען וויא העסליך אונזערע פערהעלטניסע זיינען. זיא האָט דאָס אָבער ניט געקענט אויסדריקען. איך בין צו איהר צוגעשטאַנען מיט פראַגען. זיא האָט מיר געענטפערט, אַז זיא בּיינקט נאָך דער מאַמען. איך האָב גערעכענט, אַז דאָס איז ניט אמת. איך האָב איהר גענומען טרייסטען, איינריידען, ניט דערמאָהנענדיג אַ וואָרט וועגען איהר מוטער. איך האב פער־שטאַנען, אַז איהר איז פראָסט שווער אויפ'ן האַרצען, און אַז דאָס, וואָס זיא האָט געזאָגט וועגען איהר מאַמען, איז בלויז גע־ווען אַ תירוץ. פון דעסטוועגען האָט זיא זיך באַליידיגט, פאַר־וואָס איך דערמאָן ניט איהר מוטער; איך גלויב איהר ניט, הייסט עס; זיא האָט געזאָגט, אַז זיא זעהט, אַז איך ליעב איהר ניט; איך האָב איהר ערקלעהרט, אַז דאָס איז ניט מעהר וויא אַ קאַפּריז פון איהר זייט; דאָ האָט זיך איהר פּנים פּלוצלונג אי־בערגעביטען; אַנשטאַט אומעט האָט איהר געזיכט אויסגעדריקט כעס, און מיט די'א גיפטיגסטע ווערטער האָט זיא מיר אנגעהויי־בען אויפצו־וואַרפען, אַז איך האָב ליעב בלויז זיך אליין, און אַז איך בין אַ גזלן. איך האב אויף איהר אַ קוק געטהאָן; איהר גאַנ־צער פּנים האָט אויסגעדריקט קאַלטקייט, פיינדליכקייט, כמעט האַס צו מיר. איך געדיינק וויא איך בין ערשטוינט געוואָרען, ווען איך האָב דאָס בעמערקט.

„וואָס הייסט"? האב איך זיך געקלעהרט — „ליעבע, דיא פעראייניגונג פון נשמות—דאס אַלעס איז אַ חלום? אונמעג־ליך! זיא איז ניט דיא זעלבע..."

איך האב איהר געפּרופט איבערבעטען; זיא איז אבער געבליעבען וויא אַן אייזערנע וואַנט פון קאַלטע גיפטיגע פיינד־ליכקייט; און איך האב זיך ניט פּאַספּייעט ארומצוזעהן וויא איהר כעס איז איבערגעגאַנגען צו מיר אויך און מיר האבען איי־נער דעם אַנדערען אנגערעדט אַ היבשע ביסעל גיפטיגע רייד. איך קען אייך גאר ניט זאָגען וואס פאר אַ שרעקליכען איינדרוק דיעזע ערשטע קריעג האט געמאַכט אויף מיר. דאס איז אייגענט־ליך געווען ניט קיין קריעג; דאס איז בלויז געווען אַן אויפדעקונג

פון דעם תהום, וועלכער איז צווישען אונז געלעגען. דיא ליעבע, דיא איינגעליעבטקייט, איז פארלאָשען געוואָרען מיט דעם, וואס אונזער תאוה־דורשט איז שוין בעפריעדיגט געוואָרען; אונזערע אמת'ע פערהעלטניסע זיינען דייטליך געוואָרען. דאס הייסט עס איז געוואָרען קלאָהר, אַז מיר זיינען צוויי עגאָאיסטען, ווילד פרעמדע מענשען, וואס סטאַרעווען זיך צו בעקומען וואס מעהר הנאה איינער פון דעם אַנדערען. דאס וואס צווישען אונז האט פאַסירט, האב איך גערופען קריעג; אין אמת'ן איז דאס בלויז געווען דער רעזולטאַט פון אונזער איבערגעזעטיגטע תאוה; דיעזע איבערזעטיגונג האָט איינפאַך ארויסגעוויעזען וואָס מיר זיינען איינער צו דעם אַנדערען אין דער ווירקליכקייט; איך האָב ניט פערשטאַנען, אַז דיעזע פיינדליכקייט איז אונזער נאַטירליכע פערהעלטניס איינער צום אַנדערען; און ניט פערשטאַנען דאָס האָב איך דערפאַר, ווייל באַלד האָט דיא תאוה וויעדער אונזער פיינדליכקייט פערשטעלט; און דיעזע תאוה האָב איך וויעדער גערופען „פארליעבטקייט“.

הקיצור, איך האָב געמיינט, אַז מיר האָבען זיך צוקריעגט און זיינען גוט־פריינד געוואָרען און אַז מיט דעם האָט זיך דאָס געענדיגט. אָבער אין דעם זעלבען האָניגענעם מאָנאַט, דעם „זיסען“ איז זעהר גיך וויעדער אָנגעקומען אַ צייט, ווען אונזער תאוה איז איבערגעזעטיגט געוואָרען; מיר זיינען וויעדער איינער דעם אַנדערען איבעריג געוואָרען, און דאָס האָט ווייטער געמאַכט אַ קריעג צווישען אונז. דיא צווייטע קריעג האָט אויף מיר געמאַכט נאָך אַ טרויעריגערען איינדרוק וויא דיא ערשטע. „אַזוי גאָר“! — האָב איך זיך געקלעהרט, „הייסט דאָס, אַז דיא ערשטע קריעג איז ניט געווען בלויז אַ סיבה זאַך, נאָר אַז אַזוי מוז זיין און אַזוי וועט זיין!“ דיא צווייטע קריעג האָט מיר נאָך מעהר פאַרדראָסען צוליעב דעם, וואָס זיא איז אַרויסגעקומען פון אַ גאַנץ אונגלויבליכע אורזאַכע: עפּעס איבער געלד, וועלכע איך האָב אויף מיין לעבען ניט געזשאַלעוועט,—איהר, מיין פרוי, געוויס ניט... איך געדיינק ניט קלאָהר, וויא אַזוי דיא מעשה איז

געווען; איך געדיינק בלויז, אַז זיא האָט עפּעס אַזוי איבער־געדרייט מיינע רייד, אַז פון אַ געוויסע בעמערקונג מיינע איז אויסגעקומען, אַז איך וויל איבער איהר הערשען דורך מיין געלד, — אַז איבער דיעזען געלד וויל איך בלויז אַליין זיין דער בעל־הבית. עס פערשטעהט זיך, דאָס איז געווען לעכער־ליך, נאַריש, נידערטרעכטיג, אונגאַטירליך—אי פּאַר מיר אי פּאַר איהר. איך בין געוואָרען בייז; איך האָב איהר אויפ־געוואָרפען, אַז אַזעלכע בלבולים קען בלויז אויסקלעהרען ניט קיין איידעלער מענש; און זיא האָט דאָס זעלבע אויפגעוואָר־פען מיר... און ווידער האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ קריעג; און אי אין איהרע ווערטער, אי אין דעם אויסדרוק פון איהר גע־זיכט, האָב איך ווידער בעמערקט דיא זעלבע קאַלטקייט און גזלנות׳קייט, וועלכע האָט מיר פריהער אַזוי איבערראַשט. איך האָב זיך אַמאָל געקריעגט מיט מיין ברודער, מיט מיינע חברים, מיט מיין פאָטער, געדיינק איך; אָבער קיין מאָל איז ביי אונז דערביי ניט געווען דיא בעזונדערע גיפטיגע פערביסענהייט, וועלכע עס איז געווען ביי מיר און ביי מיין פרוי ווען מיר האָבען זיך געקריעגט.

עס איז אָבער אַוועקגעגאַנגען אַ קורצע צייט, און אונ־זער געגענזייטיגער האַס איז ווידער פאַרשטעלט געוואָרען מיט דעם צודעק פון ליעבע, דאָס הייסט פון תאוה; איך האָב זיך געטרייסט מיט דעם געדאַנקען, אַז דיא צוויי קריעג אונ־זערע זיינען געווען בלויז פעהלערען, וועלכע מען קען פערריכ־טען, און אַז ווייטער וועט שוין זיין גוט; עס האָט זיך אָבער געמאַכט אַ דריטע קריעג, אַ פיערטע, און איך האָב גענומען פערשטעהן, אַז דאָס איז ניט בלויז אַ צופאַל; נור אַז עס איז אונפערמיידליך, אַז עס וועט אימער אַזוי זיין; און עס איז מיר געוואָרען שרעקליך פאַר מיין צוקונפט. דערביי האָט מיר געמאַטערט דער געדאַנק, אַז בלויז איך אַליין לעב דאָס אַזוי שלעכט מיט מיין פרוי, אַז ביי אנדערע פּאָר פאָלק ווייס מען פון דעם גאָר ניט. איך האָב נאָך דאַן ניט געוואוסט, אַז דאָס איז דער אַלגעמיינער שיקזאַל, און אַז יעדער מיינט, אַזוי

וויא איך, אז ער איז דער איינציגער, וואָס האָט אזא אונגליק, און אז אזוי וויא איך, פארבאָרגט יעדער דיעזען אונגליק אי פון אנדערע אי פון זיך אליין.

אונזערע קריעגערייען האָבען זיך אלזאָ אָנגעפאנגען גלייך פון דיא ערשטע טעג אָן; אָבער וואָס ווייטער זיינען זיי געוואָרען אלץ שארפער און פארביסענער. אין דיא טיעפע־ניס פון מיין הארצען האָב איך דיא ערשטע וואָכען שוין גע־פיהלט, אז איך בין א פערפאלענער, אז עס איז ארויס־געקומען גאָר ניט דאָס, אויף וואָס איך האָב זיך געריכט, אז הייראטהען איז ניט בלויז ניט קיין גליק, נור עטוואָס אונ־ערטרעגליכעס; אָבער פונקט וויא אלע אנדערע פערהייראַ־טהע, אזוי האָב איך אויך זיך דאָס ניט מודה געווען אפילו פאר זיך אליין. איך וואָלט זיך דאָס אפשר עד היום ניט מודה געווען, ווען עס וואָלט מיט מיר ניט געטראָפען דאָס, וואָס איך וועל אייך דערצעהלען; דאן אָבער האָב איך דאָס פערבאָרגען ניט בלויז פון אנדערע, נור פון זיך אליין אויך. איצט וואונדער איך זיך, וויא אזוי איך בין ד'צס געווען אזוי בלינד און האָב ניט פערשטאנען מיין אמת'ע לאגע. דיעזע לאגע מיינע איז מיר אייגענטליך געווען ניט שווער צו פער־שטעהן; איך האָב דאָס געקענט זעהן פון דעם, צום בייש־פיעל, דאָס מיר פלעגען זיך צוקריעגען צוליעב אזעלכע ניט געשטויגענע און געפלויגענע אורזאכען, אז דערנאָך פלע־גען מיר אפילו ניט קענען זיך דערמאָנען איבער וואָס דיא צאנקעריי האָט זיך אָנגעפאנגען. צווישען אונז איז איינפאך געווען א שטענדיגע שנאה, און דער געדאנק פלעגט פראָסט ניט פאַספּייען אויסצוקלעהרען א תירוץ פאר וואָס מיר קריע־גען זיך. אָבער נאָך מערקווירדיגער איז געווען צו בעטראַכ־טען וויא לעכערליך עס זיינען געווען דיא אורזאכען פון אונ־זער גוט־פריינד ווערען. אמאָל דורך ווערטער, ערקלעהרונגען, דורך טרעהרען זאָגאר; אמאָל אָבער...... אך, עס איז מיר פּראָסט העסליך צו דערמאָנען זיך אפילו..... נאָך דיא גיפטיג־סטע זידלערייען פלעגען מיר פלוצלונג אנשווייגען ווערען, זיך

נעהמען קוקען אין דיא אויגען, שמייכלען, קושען זיך, ארומ־
נעהמען זיך.... פע, עס עקעלט מיר! וויא אַזוי האָב איך
דאָס ניט געזעהן דיא גאַנצע העסליכקייט פון דאָס אַלעס!....

.13

אין וואַגאָן זיינען אריין צוויי נייע פּאַססאַזשירען און
האָבען זיך גענומען מאַכען אַ'ן אָרט אויף אַ וויימען באַנק.
פּאָזדנישעוו איז אנשוויעגען געוואָרען ביז עס איז ווידער
שטיל געוואָרען, און דאַן האָט ער פאָרטגעזעצט:

— אָה, ווי ניעדערטרעכטיג דאס איז! אין דער טהעאָריע
איז דיא ליעבע עטוואָס אידעאַלעס, ערהאַבענעס, הייליגעס;
אין דער פּראַקטיק אָבער איז דאָך דיא ליעבע עטוואָס העסלי־
כעס, עטוואָס שווייַנליכעס, וועגען וואָס עס איז גאָר מיאוס
צו ריידען. וויא באַלד דיא נאַטור האָט געמאַכט, אַז דאָס
זאָל זיין העסליך און שענדליך, דאַרף דאָך דאס מסתמא אַזוי
זיין; און דאָ מאַכען דיא מענשען כלומרשט, אַז דאָס העסלי־
כע איז גאָר שעהן און ערהאַבען. בעטראַכט נור! וואָס זיינען
געווען דיא ערשטע סמנים פון מיין ליעבע? דאָס וואָס איך
האָב זיך אָבגעגעבען איבער'ן מאָס צו דעם טהירישען פערגני־
גען, און איך האָב דאָס געטהאָן ניט נור אָהן שאַנדע נור
עפּעס מיט אַ מין שטאָלץ; איך האָב שטאָלצירט מיט דעם,
וואָס איך קען דיעזע קערפּערליכע פערגניגען האָבען; און
דערביי האָב איך זיך ניט אינטערעסירט ניט מיט דעם גייסטי־
גען ניט אַפילו מיט דעם קערפּערליכען לעבען פון אַ פרוי.
איך האָב זיך געוואונדערט פון וואַנען עס נעהמען זיך ביי אונז
דיעזע צאַנקערייען, דיעזע רציחה; דאַכט זיך עס איז געווען
גאַנץ קלאָהר; אונזער פערביסענקייט איינער געגען אַנ־
דערען איז געווען דער פּראָטעסט פון דער מענשליכער נאַטור
געגען דיא טיהרישע נאַטור, וועלכע האָט איהר געדריקט.

— איך האָב זיך געוואונדערט פון וואַנען עס נעהמט זיך אונ־
זער האַס פון איינעם צום אַנדערן. אַנדערס האָט דאָך אָבער
ניט געקענט זיין. דאָס איז געווען דער האַס, וואָס מענשען
פיהלען, ווען זיי בעגעהען צוזאַמען אַ פערברעכען, וואָס איינער

רעדט דעם אנדערן צו צו דעם פערברעכען און נעהמט איין דעם אַנטהייל. איז דען דאָס ניט געוועז א פערברעכען, ווען זיא איז שוואַנגעריג געוואָרען גלייך דעם ערשטען מאָנאַט נאָך אונזער חתונה, און אונזער חזיר'שע שייכות איז זיך ביי אונז געגאַנגען וויא פריהער!... איהר מיינט אודאי, אז איך קריך אראָב פון מיין ערצעהלונג און פאַררייד זיך אָן א זייט? א האָר אויך ניט! איך דערצעהל דאָס אייך אַלץ וויא אזוי איך האָב ערמאָרדעט מיין פרוי; דאָס אַלץ איז שייך צו דער געשיכטע. ביי דעם געריכט האָט מען מיר געפרעגט, מיט וואָס איך האָב איהר גע'הרג'עט, מיט וואָס פאַר א געוועהר... אידיאָטען! זיי מיינען איך האָב איהר געטויטעט מיט א מעסער דאַן, דעם 5טען אָקטאָבער... ניט דאַן, נור א סך פריהער האָב איך איהר געטויטעט. פונקט אזוי וויא אַלע מענער טויטען היינט זייערע פרויען, אַלע, אַלע...

— מיט וואָס־זשע דען האָט איהר איהר געטויט? — האָב איך פאַזדנישעוו'ען געפרעגט.

— אָט דאָס איז דאָך דער וואונדער, וואָס קיינער וויל ניט וויסען דאָס, וואָס איז אזוי קלאָהר און דייטליך, — דאָס וואָס דיא דאָקטוירים האָבען בעדאַרפט אַלעמען ערקלעהרען און וואָס זיי פערשוויייגען גראָד.

דער מאַנספערשוין און דיא פרויען־צימער זיינען בעשאַפען וויא יעדע חיה, אזוי אז נאָך דיא קערפערליכע ליעבע קומט אָן דיא צייט פון שוואַנגערן, דערנאָך פון זויגען דאָס קינד — ווען אי פאַר דער פרוי אי פאַר דאָס קינד זיינען דיא קערפערליכע פערהעלטניסע צווישען מאַן און ווייב א שעדליכע זאַך. דיא חיות ווייסען דאָס גאַנץ גוט, און זיי גיבען זייער תאוה אין דיעזע צייט ניט נאָך. און מיר, מענשען, מיר האָבען א וויסענשאַפט וועלכע ענטדעקט דיא וואונדערבאַרסטע זאַכען; אָבער אזא איינפאַכע זאַך פערשטעהען מיר ניט.

דיא פרויענצימער האָט אַלזאָ צוויי וועגען: איין וועג איז זיך צו מאַכען פאַר א קאַליקע, פערניכטען אין זיך דיא פעהיגקייט צו זיין א פרויענצימער, דאָס הייסט א מוטער, אום צו

געבען דעם מאַן דיא מעגליכקייט שטענדיג און אונגעשטערט צו האָבען זיין פערגניגען; דיא צווייטע וועג, דיא וועג פון אַלע זאָגענאַנטע אַנשטענדיגע פאַמיליען, איז, אַז דיא פרוי זאָל געגען דער נאַטור צו דער זעלבער צייט זיין אי שוואַנגער אָדער זויגען אַ קינד, אי זיין דעם מאַן'ס ליובאָווניצע, — דאָס הייסט צו פיהרען זיך אַזוי וויא קיין פיער־פיסיגע חיה פיהרט זיך ניט; אויף אַלץ סטייעט אָבער קיין כוחות ניט; און דעריבער זיינען דאָס דיא פרויען ביי אונז מיט שוואַכע נערווען און האָבען אָפטע היסטעריקע. ווארום ליידען אונשולדיגע מיידלעך פון אַזעלכע זאַכען ניט? בלויז פערהייראַטע פרויען ליידען פון דעם. דיא האָספיטעלער פאַר היסטערישע קראַנקהייטען זיינען פול מיט פרויען, וואָס געהען געגען דיא געזעצע פון דער נאַטור. דאַכט זיך, אין דיא שוואַנגערע פרוי קומט פאָר אַ הייליגע זאַך: אין איהר וואַקסט דאָס, וואָס דאַרף פערנעהמען אונזער פלאַץ, און דיעזע הייליגע זאַך פערשמוצט מען דאָס... מיט וואָס? אפילו צו דיינקען דערפון איז שרעקליך, כלעבען... און מען רעדט נאָך וועגען דער פרייהייט, רעכטע פון פרויען... עס איז אַזוי וויא קאַניבאַלען, ווילדע מענשען־פרעסער, וועלכע קאָרמע־נען אָן דיא מענשען, וואָס זיי פאַנגען, אום זיי אויפצופרעסען, וואָלטען דיעזע קרבנות זייערע דערביי פערזיכערט, אַז זיי זאָרגען זיך וועגען זייערע רעכטע און פרייהייט.

אַזעלכע געדאַנקען האָב איך געהערט צום ערשטען מאָל. זיי האָבען מיר איבערראַשט.

— וויא זשע־דען? אויב אַזוי, — האָב איך געפרעגט — קומט דאָך אויס, אַז ליעבען אַ פרוי קען מען בלויז אין צוויי יאָהר אַ מאָל; אָבער אַ מאַנספערשוין...

— אהאַ, דעם מאַנספערשוין איז נויטיג מעהר! — האָט ער מיר איבערגעשלאָגען דיא רייד — איך וויים! דאָס האָ־בען אייך איינגערעדט דיא כהנים דער וויסענשאַפט! רעדט איין אַ מענשען, אַז איהם איז נויטיג בראַנפען, טאַבאַק, אָפיום, און דאָס אַלעס וועט איהם „נויטיג" זיין; עס קומט אויס, אַז גאָט האָט ניט פערשטאַנען וואָס מען דאַרף, און אַז אַזוי וויא

ער האָט ניט אָנגעפרעגט ביי דיא וויסענשאַפטליכע מכשפים, האָט ער אַלעס איינגעפיהרט שלעכט. דער מאַנספּערשוין דאַרף, איהם איז נויטיג — אַזוי האָבען זיי גע'פּסקנ'ט; דעם מאַנס־בילד איז נויטיג צופריעדען צו שטעלען זיין תאוה, און דאָ דאַרף מען גאָר האָבען קינדער און זיי זויגען, וואָס דאָס שטערט דאָך אַזוי דעם מאַן נאָכצוגעבען זיין הולטייסטוואָ... —וויא־זשע טהוט מען דאָ? מען דאַרף זיך נור ווענדען צו דיא מכשפים — זיי וועלען שוין געפינען אַ מיטעל! נו, און זיי האָבען טאַקי געפונען אַ מיטעל... אַך, ווען וועט מען שוין פון דיזע כשוף־מאַכער אָראָפּרייסען זייערע מאַסקעס? שוין צייט, כּלעבען! עס דערגעהט שוין ביז'ן האַלז; מען ניעהט פּראָסט אַראָפּ פון זינען; מען נעהמט זיך דעם לעבען, — אַלץ דורך דעם. עס ווייזט אויס אַזוי וויא דיא חיות וואָלטען וויסען, אַז זייערע קינדער זעצען פאָרט זייער דור, און זיי היטען דעם נאַטירליכען געזעץ וועגען דעם. בלויז דער מענש ווייס דאָס ניט און וויל דאָס ניט וויסען. ער אינטערעסירט זיך בלויז מיט דעם, וויא צו האָבען מעהר פערגניגען. און דיזער מענש איז דאָס דער קעניג פון דער נאַטור! בעמערקט גאָר: ביי דיא חיות קומט זיך דער זכר מיט דיא נקבה צונויף בלויז דאַן, ווען זיי דאַרפען אַרויסברייננגען קינדער, און דער ניעדערטרעכטיגער קעניג דער נאַטור — ער טהוט דאָס צו יעדער צייט, אַבי נור צו האָבען פערגניגען. נאָך מעהר: דיזע פּאַסקודסטוואָ מאַכט ער נאָך פאַר אַ פעריל; ער רופט דאָס „ליעבע". און אין דעם נאָמען פון דיזע ליעבע, דאָס הייסט פון דיזע פּאַסקודסטוואָ, פערדאַרבט מען, פיהרט מען איבער אַ העלפט פון דער גאַנצער מענשהייט. אַלע פרויען, וועלכע האָבען בעדאַרפט דער מענשהייט העלפען געהן אַלץ ווייטער אויף'ן וועג צו וואַהרהייט און גוטעס, דיזע פרויען מאַכט דער מאַנספּערשוין פון זיינע פערגעניגענס וועגען, גאָר פאַר שונאים פון אַלעס גוטעס. בעטראַכט נור: ווער האַלט דיא מענשהייט אָפּ פון געהן פאָר־ווערטס? — דיא פרויען! און פאַר וואָס זיינען זיי אַזוי? — בלויז דורך דיזע פּאַסקודסטוואָ! יא, יא, יא, — האָט ער

געזאָגט עטליכע מאָל, און האָט זיך גענומען ריהרען אַהין און אהער, ארויסנעהמען זיינע פּאַפּיראָסען, און רויכערען, כדי זיך אביסעל צו בערוהיגען, וויא עס האָט אויסגעזעהן.

14.

— אָט אויף אזא שוויינערישען ארט האָב איך געלעבט — האָט ער ווייטער געזאָגט, ריידענדיג מיט זיין פריהערדיגען טאָן. — ערגער פון אלעם איז געוועזן דאָס, וואָס לעבענדיג אויף דיזען העסליכען אופן, האָב איך זיך געטראַכט, אז אזוי וויא איך פער־נעהם זיך ניט מיט קיין פרעמדע פרויען און פיהר א'ן אָרענט־ליכען פאַמיליען לעבען, אז דעריבער בין איך א גאַנץ מאָראַלער מענש; און אז אויב מיר קריגען זיך, איז אין דעם שולדיג זיא אליין, מיין פרוי, איהר כאַראַקטער.

אין אמת'ן אָבער איז ניט זיא שולדיג געוועזן. זיא איז געוועזן אזוי וויא אלע פרויען; אזוי וויא דיא מעהרצאָהל. ער־צויגען איז זיא געוועזן אזוי וויא עס פאָדערט דיא לאַגע פון דיא פרוי, דאָס הייסט דיא לאַגע פון אלע פרויענצימער פון דיא רייכערע קלאַסען. מען רעדט דאָס פון בילדונג פאַר פרויענ־צימער. פוסטע רייד! דיא בילדונג פון פרויענצימער שטימט מיט דעם וויא מיר קוקען אויף זיי.

דיא בילדונג פון דיא פרויען וועט אימער מיטשטימען מיט דעם וויא דיא מאַנספערשוינען קוקען אויף זיי! — „וויין, ווייב, און געזאַנג“ — דאָס איז דער עיקר; אזוי זינגען דאָך אפילו דיא פּאָעטען אין דיא געדיכטען. נעהמט דיא גאַנצע פּאָעזיע, דיא גאַנצע מאַהל־קונסט, די סקולפּטור,—פון ליעבעס ליעדער ביז די געשניצטע פיגורען פון נאַקעטע געטליכע פרויען, און איהר וועט זעהן, אז דיא פרוי ווערט בעטראַכט בלויז אלס געצייג פון הנאה. בעטראַכט נור וויא ביטרע דער טייוועל איז דאָ; אָה, זאָל שוין זיין הנאה, פערגניגען; טאָ זאָל מען וויניגסטענס אזוי זאָגען; זאָל מען זאָגען אָפען, אז דיא פרוי איז בלויז א געשמאַקער ביסען. זאָגט מען אָבער א ליגען!... דיא פּאַרצייטיגע ריטטער האָבען געהאלטען אין איין טענה'ן, אז זיי פערגעטערן

דיא פרוי (זיי פערגעטערן איהר כלומר'שט און קוקען אויף איהר פאַרט וויא אויף א געצייג פון זייער הנאה!). דיא היינ־טיגע מאַנספערשוינען פערזיכערן אונז, אז זיי רעספעקטירען דיא פרוי. זיי טרעטען איהר אָב אַ שטוהל; זיי הויבען איהר אויף איהר פאַטשיילקע; אַנדערע שרייען נאָך, אז זיא האָט בעדאַרפט האָבען רעכט צו פערנעהמען דיא זעלבע שטעלען וויא מענער, אַנטהייל נעהמען אין דער רעגיערונג א. ז. וו. אזוי רעדט מען, אזוי טענה'ט מען; און נאָך אַלעמען האַלט מען דיא פרוי נור פאַר אַ געצייג פון פערגניגען; איהר קערפּער איז דאָך בלויז אַ מיטעל הנאה צו האָבען, און זיא וויים דאָס אויך.

ס'איז דאָס זעלבע ווי שקלאַפעריי בלעבען. די שקלאַפעריי בעשטעהט דאָך אין דעם, וואָס איינינגע בענוצען זיך מיט דיא געצוואונגענע ארבייט פון פיעלע. אום קיין שקלאַפעריי זאָל ניט זיין, מוז מען אלזאָ, אַז מענשען זאָלען אויפהערען זיך צו בע־נוצען מיט דיא געצוואונגענע ארבייט פון אַנדערע מענשען און אַז דאָס זאָל מען האַלטען פאַר אַ פערברעכען, פאַר אַ שאַנדע. וויא טהוט מען אָבער אין אמת'ען? מען שאפט בלויז אָפּ דיא פאָרמע פון שקלאַפעריי; מען מאַכט, אַז מען זאָל מעהר ניט טאָרען קויפען און פערקויפען קיין קנעכט; און מען רעדט זיך אַליין איין, אַז קיין שקלאַפעריי איז שוין ניטאָ; און מען וויל גאָר ניט זעהן דעם אמת, אַז דיא שקלאַפעריי עקזיסטירט נאָך אַלץ, וואָרים מענשען לעבען דאָך נאָך אַלץ פון פרעמדע פראַצע. זיי האַלטען דאָס אָבער פאַר גאַנץ עהרליך. דאָס זעלבע איז מיט דער בעפרייאונג פון דער פרוי, וויא מען רופט עס. דיא שקלאַפעריי פון דיא פרוי בעשטעהט דאָך אין דעם, וואָס דיא מענער האַלטען פאַר אַנשטענדיג מיט איהר זיך צו בענוצען אַלס מיט אַ געצייג פון פערגניגען. וויא זשע טהוט מען? בעפרייט מען כלומרשט דיא פרוי, מען גיט איהר גלייכע רעכטע מיט דעם מאַנספּאַרשוין; מען האַלט איהר אָבער פאַרט פאַר אַ געצייג פון פערגניגען, און אַלס אַזעלכע ערציהט מען איהר אין איהרע יונגע יאָהרען, און דורך דיא עפענטליכע מיינונג. דייר סוף איז, אַז זיא בלייבט דיא

זעלבע ערנידעריגטע, צוקאָזענע שקלאַפין און דער מאַנספּאַר־
שוין בלייבט דער זעלבער צולאָזענער הולטאַיסקער שקלאַפען־
האַלטער וויא פריהער.

מען בעפרייט דיא פרוי, מען לאָזט איהר אריין אין דיא אוניווערזיטעטען, מען לאָזט איהר צו צו קהל'שע שטעלען; און קוקען קוקט מען אויף איהר אַלץ וויא אויף אַ געציייג פאַר מענערשע פערגניגען. לערענט איהר אימער אויף זיך אליין אזוי צו קוקען וויא מען לערענט איהר אוים ביי אונז, און זיא וועט אויף אימער פערבלייבען אַ ניעדעריגע בעשעפעניש. ענטוועד־ער זיא וועט מיט דיא הילפע פון דיא ניעדערטרעכטיגע דאָקטוירים מיט קונציגע מיטלען זיך בעוואָרענען, אַז זיא זאָל ניט שוואַנגערען, דאָס הייסט זיא וועט זיין אַ וואהרע פראָ־סטיטוטקע, וועלכע לאָזט זיך אַרונטער פיעל ניעדריגער וויא אויף דיא לאַגע פון אַ חיה — אויף דיא לאַגע פון אַ ניט־לעבעדיגע זאַך, פון אַ געצייג,—אָדער, אַז ניט, וועט זיין דאָס וואָס טרעפט דאָס רוב, דאָס הייסט זיא וועט זיין גייסטיג קראַנק, אַ נערוועזע, היסטערישע, אונגליקליכע בעשעפעניש, אָהן דיא מעגליכקייט זיך צו ענטוויקלען גייסטיג.

דיא גימנאַזיומס מיט דיא אוניווערזיטעטען קענען דאָס ניט ענדערען. ענדערען קען דאָס בלויז אַ'ן ענדערונג אין דעם, וויא מענער קוקען אויף דיא פרויען און וויא דיא פרויען קוקען אויף זיך אַליין. דאָס וועט אומגעביטען ווערען בלויז דאַן, ווען דיא פרויענצימער וועט אַלס איהר העכסטע לאַגע בעטראַכטען דיא לאַגע פון אַ ריינע מעדכען, און ניט וויא איצט איז, ווען אַזאַ לאַגע איז פאַר אַ פרוי אַ שאַנדע. כל זמן עס וועט בלייבען וויא איצט איז, קען איהר בילדונג ווער ווייסט וויא גרויס זיין—וועט דער אידעאַל פון דיא מעדכען אַלץ בעשטעהן אין דעם, וויא צו זיך צו־צוציהען וואָס מעהר מענער, וואָס מעהר זכרים אום צו האָבען אַ גרעסערע צאָהל פון וועלכע זיך אויסצוקלייבען.

דאָס וואָס איין פרוי קען בעסער מאַטהעמאַטיק און דיא צווייטע — בעסער שפּיעלען אויף אַ האַרפע, צום ביישפּיעל—

דאָס וועט קיין זאַך ניט ענדערען. דיא פרוי איז גליקליך און דערגרייכט איהר אידעאַל בלויז דאַן, ווען זיא בעצויבערט דעם מאַנספּאַרשוין. איהר הויפּט־אויפגאַבע איז דעריבער איהם צו קענען בעצויבערען; אַזוי איז מיט דיא מיידלעך און אַזוי איז אויך מיט דיא פערהייראַטהע פרויען. דיא מיידלעך איז דיא בילדונג און דיא מוזיק נויטהיג אום צו קענען זיך אויסקלייבען אַ מאַן, און דיא פערהייראַטהע פרוי דאַרף דאָס האָבען אום צו קענען הערשען איבער איהר מאַן.

דאָס איינציגע וואָס שטעלט דאָס אָפּ אויף אַ געוויסע צייט — דאָס זיינען קינדער, אי דאָס, ווען דיא פרוי זויגט זיי אַליין. נור אמת, דאָ מישען זיך ווייטער אַריין דיא דאָקטוירים.

מיין פרוי, וועלכע האָט אַליין געוואָלט זויגען און טאַקי געזויגען אַלע פינף קינדער פון דעם צווייטען אָן, איז ביי איהר ערשטען קינד עפּעס ניט געזונד געוואָרען. דיעזע דאָקטוירים, וועלכע האָבען איהר גאַנץ אונפערשעמטערהייד צוואַנציג מאָל אויסגעטהאָן נאַקעט און אומעטום איהר אַרומגעטאַפּט,—און איך האָב זיי נאָך געמוזט דאַנקען און צאָהלען געלט דערפאַר,— דיעזע זיסע דאָקטוירים, זאָג איך, האָבען געפונען, אַז זיא טאָר אַליין ניט זויגען; און אויף דיעזען אַרט איז דיא ערשטע צייט פון איהר אַוועקגענומען געוואָרען דער איינציגער מיטעל, וועלכער וואָלט איהר געראַטעוועט פון קאָקעטסטוואָ. געזויגט האָט פאַר איהר אַ'ן אַם, דאָס הייסט מיר האָבען זיך בענוצט מיט דיא אָרימקייט, עלענד, און אונוויסענהייט פון אַ פרעמדע פרוי, וועלכע מיר האָבען אַוועקגענומען פון איהר אייגען קינד פאַר אונזער קינד, און האָבען איהר דערפאַר אויסגעפוצט אין אַ ווייסען ציפּעק. נאָר ניט דאָס איז דער עיקר, דער עיקר איז דאָס, וואָס אין דיעזער צייט, ווען מיין פרוי איז געוואָרען פריי פון שוואַנגערען און פון זויגען, האָט זיך אין איהר מיט אַ בעזונדערע קראַפט אויפגעוועקט דיא קאָקעטסטווא, וועלכע האָט ביז אַהער אין איהר געשלאָפען. און אין מיר האָבען זיך צו־ליעב דעם מיט אַ בעזונדערע קראַפט אויפגעוועקט דיא יסורים

פון אייפערזוכט, — פון דער אייפערזוכט, וועלכע האָט מיר ניט אויפגעהערט צו מאַטערען דיא גאַנצע צייט פון מיין פערהייראַטהען לעבען, וויא זיא מאַטערט יעדען מאַן, וואָס לעבט מיט זיין פרוי, אַזוי וויא איך האָב געלעבט, דאָס הייסט, אונמאָראַליש.

.15

— די גאַנצע צייט פון מיין פערהייראַטהען לעבען האָב איך ניט אויפגעהערט צו ליידען דיא שמערצען פון אייפערזוכט. עס זיינען אָבער געוועזן צייטען, ווען דיעזע שמערצען זיינען געוועזן בעזאָנדערס שטאַרק. איינע פון אַזעלכע צייטען איז דאָס געוועזן דאַן, ווען נאָך מיין פרוי'ס קינדבעט מיט אונזער ערשטען קינד, האָבען דיא דאָקטוירים איהר פאַרוועהרט צו זויגען. איך האָב דאַן שרעקליך געליטען פון אייפערזוכט, ערשטענס, ווייל זיא האָט געפיהלט יענע ווייבערשע אונרוהיגקייט, וועלכע איז אונפערמיידליך, ווען מען שטערט דעם נאַטירליכען גאַנג פון אַ מוטער'ס לעבען; צווייטענס, ווייל, זעהענדיג וויא גרינג איהר איז געוועזן פון זיך אָראָפּצואוואַרפען איהרע פּפליכטען צו איהר קינד, האָב איך ביי זיך בעשלאָסען, הגם ניט־דייטליך, אַז איהר וועט פונקט אַזוי לייכט זיין פון זיך אַראָבצואוואַרפען איהרע פּפליכטען און טרייהייט צו איהר מאַן; זיא איז דאָך אין אמת'ען געוועזן גאַנץ געזונד, והא ראיה: ניט קוקענדיג אויף דעם פערבאָט פון דיא זיסע דאָקטוירים, האָט זיא דאָך דיא שפּעטערע קינדער אונזערע געזויגען אַליין און זיי טאַקי אויס־געזויגען אויף'ן בעסטען אַרט.

— וויא איך זעה, האָט איהר דיא דאָקטוירים ניט אַזוי שטאַרק ליעב — האָב איך געזאָגט, בעמערקענדיג דעם ביי־זען, גיפטיגען טאָן פון זיין שטימע יעדעס מאָל, וואָס ער האָט אַרויסגערעדט דעם וואָרט „דאָקטאָר“.

— דאָ האַנדעלט זיך ניט אום ליעבען דיא דאָקטוירים אָדער ניט ליעבען, זיי האָבען אייגפאַך אונגליקליך געמאַכט מיין לעבען, וויא זיי מאַכען אונגליקליך דיא לעבענס פון טוי־

זענדע, הונדערטע טויזענדע מענשען. זיי ווילט זיך דאָס זעלבע ווי אדוואָקאַטען און אנדערע: שעפּען געלט ווילט זיך זיי; און איך וואָלט זיי אָפּגעבען אַ העלפט פון מיין גאַנצען איינקונפט, אבי זיי זאָלען זיך ניט אריינמישען אין מיין פאַמיליען־לעבען, אבי זיי זאָלען ווייכען פון מיר; איך האָב דאָך קיין פאַקטען או־מישנע ניט געזאַמעלט; פון דעסטוועגען וויים איך פון צעהנד־ליגע פעללע, וואו זיי האָבען אַ קינד געטויטעט ביי דיא מוטער אין בויך, ערקלעהרענדיג, אַז דיא פרוי איז ניט אימשטאַנדע צו געהן צו־קינד; אָדער וואו זיי האָבען געטויטעט דיא קינדבעטאָרין אליין מיט זייערע אָפּעראַציעס. מען צעהלט דען הפּנים דיעזע אַלע מאָרדען? מען צעהלט זיי ניט פּונקט ווי מען האָט ניט געצעהלט די מאָרדען פון דער אינקוויזיציאָן; אי דיא אינקוויזיטאָרען אי דיא דאָקטוירים הרג'ענען אוים מענשליכע נפשות כלומרשט אין דעם נאָמען פון גוטסקייט; אָבער דיעזע אַלע פערברעכען פון דיא דאָקטוירים זיינען נאָך גאָר ניט אין פערגלייך מיט דיא מאָראַלישע פערדאָרבענהייט, וועלכע זיי ברייננגען אריין אין דער וועלט, הויפּטזעכליך דורך דיא פרויען.

— היינט טאָר מען שוין ניט זאָגען: „דו פיהרסט זיך אין דיין לעבען ניט גוט; פיהר זיך בעסער“. דאָס פּאַסט ניט. דאָס טאָר מען ניט זאָגען ניט דעם אנדערען, ניט זיך אליין. וויא דען־זשע? אויב איהר לעבט ניט וויא עס בעדאַרף צו זיין, איז דיא אורזאכע, פאַרשטעהט איהר מיך, אין אייערע נערוועןן אָדער אנדערע אַזעלכע זאכען, און מען מוז געהן צו זיי, צו דיא דאָקטוירים, און זיי וועלען שוין פאַרשרייבען אַ 35־קאָפּיקענעם רעצעפּט!

אי אייך וועט נאָך ווערען ערגער? נו, דאַן געהט וויע־דער צום דאָקטאָר און נעהמט וויעדער אַ רפואה. אַ טהיי־ערער שפּיצעל, ניש־קשה!

אָבער ניט דאָס בין איך אויסען; איך וויל בלויז זאָ־גען, אַז מיין פרוי האָט זעהר גוט געקענט זויגען, און אַז דאָס

טראָגען און זויגען פלעגט מיר בעפרייען פון דיא יסורים פון מיין אייפערזוכט; ווען זיא וואָלט ניט געטראָגען און געזויגען, וואָלט דיא „סיבה“ מיט מיר געטראָפען אַ סך פריהער. דיא קינדער האָבען געראַטעוועט אי מיר אי איהר. אין אכט יאָהר האָט זיא געהאַט 5 קינדער, און אַלע, אויסער דעם ערשטען, האָט זיא געזויגען אַליין.

— וואו זיינען אייערע קינדער איצטער? — האָב איך געפרעגט.

— דיא קינדער? — האָט ער איבערגעפרעגט וויא אַ דערשראָקענער.

— ענטשולדיגט מיר, פיעלייכט איז איך אונאַנגענעהם אָן דעם זיך צו דערמאָנען?

— ניין, עס מאַכט ניט אוים.—מיינע קינדער האָט צוגענומען מיין פרוי׳ס ברודער; ער און זיין פרוי ווילען זיי מיר ניט אָפּגעבען. איך האָב אויף זיי איבערגעשריעבען מיין גאַנצען אייגענס; דאָך גיט מען זיי מיר ניט. איך בין דאָך אַ משוגענער, פאַרשטעהט איהר מיך; היינט וויא קען מען דאָס מיר פערטרויען קינדער?... איך פאָהר דאָס איצט פון זיי. זעהן האָט מען מיר זיי געלאָזען, אָבער מיטנעהמען— ניט. טאָמער וועל איך זיי חס וחלילה אַזוי ערציהען, אַז זיי וועלען ניט זיין וויא זייערע עלטערען... איבעריגענס, ווייס איך ניט, אויב איך וואָלט גאָר געהאַט כוחות זיי צו ערציהען. איך בין דאָך אַ חורבה, אַ קאַליקע. בלויז איינס איז אין מיר דאָ... איך פערשטעה עפּעס; איך פערשטעה דאָס, וואָס אַנדערע מענשען וועלען אַזוי גיך נאָך ניט פערשטעהן.

יאָ, מיינע קינדער זיינען געזונט און האָדעווען זיך אויף דעם זעלבען ווילדען אופן, וויא אַלע קינדער. איך האָב זיי געזעהן; דריי מאָל האָב איך זיך מיט זיי געזעהן, איך קען זיי גאָר ניט העלפען—גאָר נישט. איצטער פאָהר איך צו זיך אַהיים, אין דיא דרום־גובערניעס. איך האָב דאָרטען אַ הויז מיט אַ סאָד.

יאָ, יאָ, מענשען וועלען נאָך ניט אַזוי גיך וויסען דאָס, וואָס איך וויס. פון וואָס דיא זונן בעשטעהט אָדער דיא שטערען—דאָס קען מען לייכט דערגעהן; אָבער דאָס וואָס רייסט אַראָפּ דיא מאַסקע פון אונזער שווייניישען לע־בען — דאָס צו דערגעהן איז ניט לייכט.

איהר הערט ווייניגסטענס צו, וואָס איך רייד; פאַר דעם בין איך שוין אויך דאַנקבאַר.

.16

איהר האָט דערמאָנט וועגען דיא קינדער; נו, באַרע־כענט נור וואָס פאַר אַ ליגענס מען זאָגט וועגען קינדער. „קינדער זיינען אַ ברכה פון גאָט; קינדער זיינען אַ גליק.“ דאָס אַלץ איז ניט מעהר וויא צבועצסקע רייד! אַמאָל איז דאָס טאַקי געווען אמת, אָבער ניט היינט. היינט זיינען קינדער אַ מאַטערניס, אַ יסורים און ווייטער גאָר ניט; אַזוי פיהלען דאָס רוב מוטערס ביי זיך אין האַרצען; און אַמאָל ריידען זיי דאָס ניט ווילענדיג אַרויס אויך. פרעגט ביי אַ מוטער פון מיין קלאַסס, ביי אַ מוטער פון אַ רייכען צו־שטאַנד, פרעגט ביי איהר וועגען דעם, וועט זיא אייך זאָגען, אַז אויס פורכט טאָמער וועלען איהרע קינדער קראַנק ווערען און שטאַרבען, וויל זיא קיין קינדער גאָר ניט האָבען און אַז ווען זיא האָט שוין יע געבאָרען אַ קינד, וויל זיא איהם ניט זויגען אום צו איהם דורך דעם ניט צוגעבונדען צו ווערען און צו ליידען. דיא פערגניגען, וואָס דאָס קינד פערשאַפט דער מוטער מיט זיין חן'עוודיגקייט, מיט זיינע שעהנינקע הענטע־לעך, פיסעלעך, מיט זיין גאַנצען קערפּעריל, דיעזע פערגניגען איז אַ סך קלענער, וויא דיא יסורים, וואָס דיא מוטער האָט פון איהם; איך רייד שוין ניט, ווען ער איז קראַנק, אָדער ווען ער שטאַרבט; דיא מורא גופא טאָמער ווערט ער קראַנק, טאָמער שטאַרבט ער אַוועק, דאָס גופא האַלט זיי אין שטענ־דיגע ציטערניס. ווען מען וועגט דיא שמערצען מיט דיא

פערגניגען, קומט ארויס, אז עס לוינט ניט (און דעריבער וויל מען ניט) האָבען קיין קינדער. דיא פרויען זאָגען דאָס ארויס גאנץ אָפען; זיי מיינען, אז דיעזע געפיהלע זייערע קומען ארויס פון זייער ליעבע צו דיא קינדער; און זיי האַלטען זיך נאָך מיט דעם גרויס; זיי בעמערקען אָבער ניט, אז מיט אזעלכע רייד ווייזען זיי דייטליך, אז זיי ליעבען ניט דיא קינדער נור זיך אַליין. בערעכענט נור: וויא באַלד דיא פערגניגען, וואָס מען האָט פון קינד איז קלענער וויא דיא צרות, וואָס ער פערשאַפט, דאַרף מען דעריבער ניט דעם קינד, וועלכען מען וויל ליעבען. דאָס הייסט, דיא מוטערס אָפּפערען ניט זיך פאַר'ן קינד, נור פאַרקעהרט, זיי אָפּפערען דעם ליעבען קינד, וואָס האָט געקענט זיין, פאַר זייערע אייגענע אינטערעסען.

עס איז דייטליך, אַז דאָס איז ניט קיין ליעבע, נור עגאָאיזמוס; ווען מען דערמאָנט זיך אָבער אָן דיא יסורים, וואָס דיא מוטערס שטעהען אויס, אַפילו פון געזונטע קינדער, דיא יסורים, וואָס זיי האָבען צוליעב דיא זעלבע דאָקטוירים, וואָס מישען זיך אריין אין דעם לעבען פון פריצים, ווען מען דערמאָנט זיך דאָס, האָט מען קיין האַרץ ניט דיעזע מוטערס צו פערדיינקען. אַפילו איצט, ווען איך דערמאָן זיך אָן דעם, שטעלען זיך ביי מיר דיא האָאָר קאַפויר. מיר האָבען פון קיין לעבען ניט געוואוסט; מיר זיינען שטענדיג געוועזן אין הוילע ציטערניש פאַר געפאַהר. מען קומט פון איין געפאַהר ארויס, מאַכט זיך אַ נייע געפאַהר מיט נייע ציטערנים; מיר זיינען געוועזן אין אַזאַ לאַגע, וויא מענשען, וואָס געפינען זיך אויף אַ שיף, וועלכע האַלט ביים אונטערגעהן.

אַמאָל פלעגט זיך מיר דוכטען, אז זיא מאַכט דאָס אומישנע, אַז זיא מאַכט זיך דאָס בלויז, דאָס זיא איז אונרוהיג וועגען דיא קינדער, אום אויסצופיהרען ביי מיר, וואָס זיא וויל. עס איז אָבער געוועזן אַ טעות. זיא האָט טאַקי שרעקליך געליטען פון דיא קינדער, אי ווען זיי זיינען געוועזן

קראַנק, אי ווען זיי זיינען געווען געזונד, און איך האָב נאַטיר־ליך אויך געליטען. און ס'האָט אַ פּנים געקענט אַנדערש זיין? דיא צוגעבונדענקייט צו דיא קינדער, דיא נאַטירליכע בעדירפ־ניס צו קאָרמען זיי מיט איהר ברוסט, זיי צו לאַסצען, בע־שיצען, — דאָס אַלץ האָט זיא געפיהלט אַזוי וויא אַלע פרויען, און וויא דיא נקבות ביי טיהרען; דערפאַר אָבער האָט זיא געהאַט דאָס וואָס טיהרען האָבען ניט, נעמליך אַ געדאַנקען מיט אַ פאַנטאַזיע. אַ הוהן שרעקט זיך ניט, טאָמער ועלען איהרע היהנדעלעך קראַנק ווערען. ניט זיא וויים פון דיא קראַנקהייטען, וועלכע קענען איהרע קינדער בעפאַלען, ניט זיא ווייס פון דיא מיטלען, מיט וועלכע מענשען מיינען, אַז זיי קענען ראַטעווען פון אַזעלכע קראַנקהייטען און פון טויט. און דיא קינדער זיינען פאַר דיא הוהן ניט קיין קוואַל פון יסורים; זיא טהוט פאַר איהרע היהנדעלעך דאָס וואָס איז איהר נאַטור צו טהאָן און וואָס פערשאַפט איהר הנאה; ווען אַ היהנדעלע ווערט קראַנק, זיינען דער הוהן'ס זאָרגען איינפאַך און קלאָר: זיא וואַרימט איהר און קאָרמעט איהר. און אַזוי טהוענדיג, וויים זיא, אַז זיא טהוט אַלץ, וואָס מען דאַרף טהאָן. פּגר'ט דיא היהנדעלע אַוועק, פרעגט דיא הוהן ביי זיך קיין קשיות ניט פאַרוואָס איז זיא גע'פּגר'ט? אָדער וואוהין איז זיא אַוועק? — זיא קוואָקטשעט זיך אַביסעל אוים און הערט אויף און לעבט זיך ווייטער וויא פריהער.

— מיט אונזערע אונגליקליכע פרויען איז אָבער אַנדערש. שוין ניט ריידענדיג וועגען קינדער־קראַנקהייטען, וויא זיי צו היילען, — וועגען דעם, וויא דאָס קינד צו קאָרמענען, האָדע־ווען, ערציהען, האָט זיא אויך פון אַלע זייטען געהערט און אַליין געלעזען וואָס אַ טאָג אַלץ נייע כללים: קאָרמענען אַזוי, מיט דעם—ניין, דאָס טאָר מען ניט. אָט מיט דעם דאַרף מען זיי קאָרמען. ווי דיא קינדער אָנצוטהאָן, וואָס זיי צו געבען טרינ־קען, וויא זיי צו באָדען, שלאָפען לייגען, שפּאַציערען פיה־רען, — אויף דעם אַלעם האָבען מיר, הויפּטזעכליך זיא, אַלע

וואָך געהערט נייע כּללים; און ווען דאָס קינד וועט חס וחלילה קראַנק ווערען, וועלען מיר שולדיג זיין: ניט געטהאָן וויא מען דאַרף. ניט נאָך דיא כּללים, פאַרשטעהט איהר מיך...

דיעזע אַלע צרות האָט מען געהאַט, ווען דיא קינדער זיינען געווען געזונד. איהר קענט זיך שוין פאָרשטעלען וואָס ס'האָט זיך אָבגעטהאָן ווען זיי פלעגען קראַנק ווערען; דאַן איז גאָר געווען אַ גיהנום! עס איז אַ מאָדע צו גלויבען, אַז קראַנקהייט קען מען אויסהיילען, אַז עס איז אויף דעם דאָ אַ וויסענשאַפט און בעזונדערע מענשען אַזעלכע — דיא דאָקטוירים; זיי ווייסען שוין וויא דאָס צו היילען; ניט אַלע, אָבער דיא בעסטע דאָקטוירים ווייסען שוין. אַזוי האָט מען זיך איינגערעדט. ווערט אַ קינד קראַנק, דאַרף מען קריעגען דעם בעסטען דאָקטאָר. ער וועט שוין דאָס קינד ראַטעווען. טאָמער קענט איהר דיעזען דאָקטאָר חס ושלום ניט קריעגען אָדער טאָמער וואוינט איהר גאָר ניט דאָ וואו ער וואוינט — דאַן איז דאָס קינד פאַרפאַלען!... אַזוי האָט געגלויבט מיין פרוי; און זיא איז דאָך ניט געווען קיין אויסנאַהמע. אַלע פרויען גלויבען דאָך דאָס זעלבע. ביי פרוי יעקאַטערינאַ סעמיאָנאָווא זיינען געשטאָרבען צוויי קינדער, ווייל זיא האָט ניט גערופען דאָקטאָר איוואן זאַכאַריטש אין דער צייט; ביי פרוי מאַריאַ איוואַנאָוונאַ האָט איוואן זאַכאַריטש געראַטעוועט דיא עלטערע מיידעל. היינט וויא זאָל מען זיך ניט נעהמען דעם לעבען, אַז דער גאַנצער לעבען פון דיא קינדער ווענדט זיך אָן דעם, אויב זיא וועט אין דער צייט הערען, וואָס איוואן זאַכאַריטש וועט זאָגען. און וואָס איוואן זאַכאַריטש וועט זאָגען, ווייס איוואן זאַכאַריטש אַליין ניט, וואָרים ער ווייס גאַנץ גוט, אַז ער הויבט ניט אָן צו וויסען, און אַז ער קען גאָר ניט העלפען, און ער דרייט בלויז אַ מוח כּלומרשט מיט רעצעפּטען, אַבי מען זאָל ניט אויפהערען צו גלויבען, אַז ער ווייס. ווען דיא פרוי וואָלט געווען גאָר אַ חיה, וואָלט זיא זיך אַזוי ניט געמוטשעט; פערקעהרט ווידער, ווען זיא וואָלט געווען אַן אַנשטענדיגער מענש, וואָלט

זיא געגלויבט אין גאָט, און דאַן וואָלט זיא זיך געטראַכט:
„גאָט האָט געגעבען, און גאָט האָט צוגענומען; פון גאָט קען מען ניט אנטלויפען".

דער גאַנצער לעבען מיט דיא קינדער איז געווען פאַר מיין פרוי ניט קיין פערגניגען, נור א פיינינונג, און צוליעב איהר איז דאָס פאַר מיר אויך געווען אזוי.

מיר פלעגען, צום ביישפיעל, גוט־פריינד ווערען נאָך א סצענע פון אייפערזוכט אָדער אזוי עפּעס א צאַנקעריי און פלעגען זיך קלייבען אביסעל צו לעזען, אָדער בעטראַכטען עט־וואָס, — נו, איז וויא מיר פלעגען זיך נור נעהמען צו וועלכע עס איז ארבייט, פלעגט מען אונז אָנזאָגען דיא גוטע בשורה, אז וואסיא ברעכט, אָדער אז ביי מאשא'ן געהט בלוט פון נאָז, אָדער, אז ביי אַנדרושקא'ן איז דיא לייב אויסגעשאָטען, און — א סוף! מען קען שוין ווייטער ניט אָטהעמען. וואוהין לויפט מען? צו וועלכע דאָקטוירים? עס הויבט זיך אָן א סדרה פון קאַנעס מיט רפואות, מיט דאָקטוירים.

איין טרעוואָגע פאַספייעט ניט איינגעשטילט צו ווערען, וויא עס מאַכט זיך שוין א נייע. פון קיין ריכטיגען פעסטען פאַמיליען־לעבען האָבען מיר ניט געוואוסט. מיר האָבען בלויז געוואוסט פון שטענדיגע געפאהרען, — פון ווירקליכע אָדער פון ניט־געשטויגענע און ניט־געפלויגענע. אזוי איז עס שוין אין דאָס רוב פאַמיליען. אָבער אין מיין פאַמיליע איז געווען ער־גער וויא אומעטום. מיין פרוי פלעגט זיין שטאַרק צוגע־בונדען צו א קינד, און דערצו נאָך האָט זיא געהאַט א נאַטור פון דער קלענסטער זאך צו מאַכען א בארג.

דאָס, וואָס מיר האָבען געהאַט קינדער, האָט אלזאָ אונ־זער לעבען ניט פאַרבעסערט, נור נאָך מעהר פערגיפטעט. א חוץ אַלעס, זיינען דיא קינדער ביי אונז געווען א נייע אורזאַכע פון קריעגערייען און רייסערייען. זינט מיר האָבען געהאַט קינדער און וואָס מעהר זיי זיינען געוואַקסען, אַלץ עפטער זיי־נען זיי געווען אי דיא אורזאַכע, אי א מיטעל צו קריעגערייען..

איהר פערשטעהט? ניט בלויז אן אורזאכע פון קריעג זיינען די קינדער געווען, נור אויך א וואפע אין דיעזע קריעגרייען; עפעס אזוי וויא דיא קינדער וואָלטען געווען שטעקענס, מיט וועלכע מיר האָבען זיך איינע דיא אנדערע געשלאָגען. איך האָב צווישען דיא קינדער געהאט מיין ליעבלינג, און זיא האָט געהאט איהר ליעבלינג; און דיעזע ליעבלינגען אונזערע זויי־נען געווען אונזערע קאמפפס־וואפען. איך פלעג איהר קריינקען און אָנטהאָן יסורים מיט וואסיא'ן, אונזער עלטערען אינ־געל, וועלכען זיא האָט ליעבער געהאט פון אלעמען; און זיא פלעגט מיר להכעיס טהון מיט ליזא'ן, ווייל זיא איז דיא מיי־דעלע, וועלכע איך האָב ליעבער פאר אלע קינדער. א חוץ דעם: וויא דיא קינדער האָבען גענומען אונטער־וואקסען און זייערע כאראקטערע זיינען שוין קענטיג געוואָרען, פלעג איך אין א קריעג מיט מיין פרוי זיי ציהען אויף מיין צד, זיי זאָלען פאר מיר האלטען, און זיא ווידער פלעגט זיי ציהען צו זיך, זיי זאָלען האלטען מיט איהר. דיא קינדערלעך פלעגען דערביי האָ־בען גרויס קלעמענעס, אָבער אונז, אין אונזער שטענדיגע מלחמה, איז אין זינען ניט געלעגען וועגען זיי זיך צו זאָרגען. ליזא, אונזער מיידעלע, פלעגט האלטען מיט מיר, ווערהענד וואסיא, דער עלטערער אינגעל, וועלכער האָט געהאט אָנבליק צו איהר און וועלכער איז געווען איהר ליעבלינג, איז געווען אויף איהר צד, און איך פלעג איהם אָפט פראָסט ניט קענען אָנזעהן.

.17

הקיצור, אָט אזוי האָבען מיר געלעבט. מיר האָבען זיך געקריעגט אלץ עפטער און וואָס אמאָל איז דיא שנאה געווען אלץ שארפער. עס איז שוין געקומען אזוי ווייט, אז מיר פלע־גען פיהלען א שנאה איינער צום אנדערען שוין ניט ווייל מיר פלעגען וועגען א געוויסע זאך ניט זיין איינפערשטאנ־דען, נור פארקעהרט, — מיר פלעגען אָפט זיין ניט איינפער־שטאנדען איינפאך ווייל מיר האָבען זיך פיינט געהאט: וואָס

זיא זאָל ניט זאָגען, מוז איך זאָגען פארקעהרט, און זיא אויך דאָס זעלבע.

אויפ'ן פערטען יאָהר נאָך אונזער חתונה זיינען מיר, פון זיך אליין, געקומען צו דעם שלום, אז איינפערשטאנען זיין קענען מיר ניט. ווען עס פלעגט זיך מאכען א מיינונגס־פערשיע־דענהייט, פלעגען מיר זיך שוין ניט סטארעווען איבער־צו־ריי־דען איינער דעם אנדערען. וועגען דיא געוועהנליכסטע זא־כען, און הויפטזעכליך וועגען דיא קינדער, בין איך אימער פעסט געבליבען ביי מיין מיינונג, און זיא ביי איהרען. איך געדיינק אזוי וויא איצט: דיא מיינונגען, פון וועלכע איך פלעג בשום אופן ניט אָפּטרעטען, זיינען מיר גאָר ניט געווען אזוי טהייער; איך האָב אין זיי גאָר ניט אזוי שטארק געגלויבט. מיין ווייב איז מיר אָבער געווען העסליך, און נאָכגעבען א מיינונג וואָלט דאָך געהייסען א י ה ר נאָכגעבען. דאָס האָב איך אויף קיין אָרט ניט געקענט. דאָס זעלבע איז געווען מיט איהר. זיא איז ביי זיך געווען אין גאנצען גערעכט, און איך וויעדער בין ביי זיך אין דיא אויגען געווען א הייליגער.

ווען מיר פלעגען בלייבעןביידע אליין, פלעגען מיר שוויי־גען אָדער ריידען אויף אזא אָרט למשל: „וויא שפּעט איז איצטער? שוין צייט צו געהן שלאָפען. וואָס איז היינט דאָ צו מיטאָג־עסען? וואוהין פאָהרט מען? וואָס שטעהט אין צייטונג? מען דארף שיקען נאָך'ן דאָקטאָר. מאשא'ן טהוט וועה דיא העלזעל“.

טאָמער פלעגט זיך אונזער געשפּרעך פארנעהמען אויף אנדערע זאכען, פלעגען מיר שוין אין כעס ווערען און זיך נעה־מען קריעגען. מיר פלעגען זיך קריעגען און אויסדרריקען האָס איינער דעם אנדערען צוליעב דיא קאפּע, דעם טישטוך, דער קארעטע — אלץ וועגען זאכען, וועלכע זיינען אונז ביידען אין דער לינקער פּאה ניט געלעגען; מיר פלעגען זיך אָבער איבער דעם איינשפּארען אזוי וויא דער לעבען וואָלט אָן דעם זיך געווענדט — אבי צו זאָגען קאפּויר.

אין מיר זייניגסטענס פלעגט דערביי אָפט זיך צו־ברענען
א שרעקליכע שנאה! איך פלעג אמאָל זיצען און קוקען וויא
זיא גיסט אָן טהעע, וויא זיא שאָקעלט מיט'ן פוס, וויא זיא
טראָגט דיא לעפעלע צום מויל, און כלאָבעט, אריינזופענדיג
זיא טהעע אין זיך. און פאר דאָס אלעס פלעג איך איהר פראָסט
ניט קענען אָנקוקען, אזוי וויא זיא וואָלט דאָ בעגאנגען עפּעס
א פערברעכען.

איך האָב דאַן ניט בעמערקט, אז דיא צייטען פון מיין
שנאה פלעגען אָנקומען רעגעלמעסיג און אויף א בעשטימטען
אָרט, — גלייך נאָך דיא צייטען ווען מיר פלעגען זיך „ליעבען",
וויא מיר האָבען דאָס גערופען. א צייט פון ליעבע, און דאַן
א צייט פון ברענענדיגע שנאה. אזוי פלעגט זיך דאָס בייי־
טען. איז דיא זאָגענאַנטע „ליעבע" געוועזן ברענענדיגער, שטאַר־
קער, האָט דיא שנאה נאָך איהר זיך געצויגען לייננגער; איז
דער אויסדרוק פון „ליעבע" געוועזן א שוואכער, האָט דיא
פיינדשאפט נאָך דעם געדויערט א קירצערע צייט. מיר האָבען
דאַן ניט פערשטאַנען, אז דיא ליעבע און פיינדשאַפט זיינען
אין גרונד געוועזן דער זעלבער טהירישער געפיהל פון זיי־
נע צוויי ברעגעס. דיא תאוה האָט געשאפען דיא זאָגענאַנטע
ליעבע אונזערע און ווען מיר פלעגען דיעזע תאוה שוין צו־
פריעדען שטעלען, פלעגט זיך אָנפאַנגען דער האַס; און ער
פלעגט אָבגעהן ערשט דאַן, ווען עס פלעגט אָנקומען א נייע
תאוה.

— אזוי צו לעבען וואָלט געוועזן שרעקליך, ווען מיר וואָלטען
אונזער לאַגע פערשטאַנען. מיר האָבען איהר אָבער ניט פער־
שטאַנען. דיא רעטונג פון דעם מענשען, וואָס לעבט ניט וויא
עס בעדאַרף צו זיין, בעשטייט אין דעם, וואָס ער קען זיך אליין
פארבלענדען דיא אויגען און ניט זעהן זיינע אייגענע צרות;
אין דעם ליעגט אָבער אויך זיין שטראָף. מיין פרוי פלעגט זיך
סטאַרען ארויסשלאָגען דיא טרויעריגע געדאנקען פון קאָפּ מיט
דעם, וואָס זיא פלעגט, ניט ווילענדיג, זיך כאַפּען זוכען עפּעס

אַרבייט אין שטוב, אָדער פוצען זיך און דיא קינדער, אָדער לערנען דיא קינדער, אָדער זיך בעשעפטיגען מיט זייער געזונט. און איך האָב מיר געהאַט מיינע מיטלען צו פערשטעלען מיינע אייגענע אויגען, נעמליך שכור'ן, גיין אויף געיעג, שפיעלען אין קאָרטען. שטענדיג זיינען מיר געווען בעשעפטיגט! מיר האָבען ביידע געוואוסט, אז וואָס מעהר מיר וועלען זיין בעשעפטיגט, ווען מיר אלץ מעהר קענען פיינד האָבען איינער דעם אַנדערען. „דיר איז זיך גוט צו מאַכען דיינע אוואַיעס", פלעג איך זיך טראכטען וועגען איהר — „מיר האָסטו מיט דיינע סצענען אָפּגעמאַטערט א גאַנצע נאכט, און איצט דאַרף איך גיין אויף א דוואָריאַנסקע פערזאמלונג א פארשלאָפענער". און זיא, פון איהר זייט, פלעגט זיך טראכטען: „דיר איז גוט, וואָס פעהלט דיר? און איך האָב זיך דערווייל דיא גאַנצע נאַכט מיט'ן קינד אָפּגעמוטשעט". — זיא פלעגט דאָס אָבער ניט בלויז טראַכטען, נור אויך אַרויסזאָגען מיט ווערטער.

א נערוועז - דאָקטאָר וואָלט אודאַי געזאָגט, אז מיין פרוי איז היסטעריש און אז איך בין אויך ניט מיט אלעמען און וואָלט זיך נעהמען קורירען אונזערע נערוועז. דיא אַלע טענות וועגען נערוועז איז א ניעדערטרעכטיגע דומהייט און ווייטער גאָר נישט! אונז איז ניט געווען וואָס צו קורירען.

מיר האָבען געלעבט אין א שטענדיגען טומאן, וויא איהר זעהט, און האָבען אליין ניט געזעהן דיא לאגע, אין וועלכע מיר האָבען זיך געפונען, און ווען עס וואָלט ניט געטראָפען דאָס, וואָס האָט יע געטראָפען, ווען איך וואָלט אַזוי מיט איהר אָבגעלעבט ביז א גראָיען עלטער, וואָלט איך ביי'ן טויט זיך געטראכט, אז איך האָב מיר פערבראכט א גוטען לעבען, — ניט קיין גאַנץ גוטען, אָבער אויך ניט קיין גאַנץ שלעכטען. קורץ אַזאַ לעבען וויא אלע פיהרען. דעם טיעפען אָבגרונד פון אונגליק און דעם עקעלהאַפטען זומפ פון פאלשקייטען, אין וועלכע איך האָב זיך געוואלגערט — דאָס האָב איך ניט געזעהן.

מיר זיינען געווען וויא צוויי געפאַנגענע, וואָס האַסען זיך איינער דעם אַנדערען און וואָס זיינען געשמידט מיט

דיא זעלבע קייט, פארביטערענדיג איינער דעם אנדערען דעם לעבען און מאַכענדיג זיך דאָס ניט זעהענדיג. איך האָב נאָך דאַן ניט געוואוסט, אז 99 פּראָצענט פון אלע פערהייראטהע לעבען אויך אויף אזא אופן, און אז אונטער היינטיגע אומ־שטענדען קען אנדערש גאָר ניט זיין. איך האָב דאָס נאָך דאַן ניט פערשטאַנען — ניט וועגען זיך אליין, ניט וועגען אנדערע.

גראָד, ווען מיר האָבען שוין ניט געקענט אויסהאַלטען איינער פון דעם אנדערן, גראָד דאַן איז צוליעב דיא קינדער׳ס ערציהונג, נויטהיג געוואָרען זיך אריבער־צו־קלייבען אין שטאָדט אריין.

פּאָזדנישעוו איז אנשוויגען געוואָרען און האָט א פּאָאָר מאָל ארויסגעלאָזען זיין זאָנדערבאַרען קלאַנג, וועלכער האָט איצט שוין געקלונגען וויא א פערשטיקטער געוויין. מיר זיי־נען צוגעקומען צו א סטאַציאָן.

— וויא שפּעט איז עס ? — האָט ער געפרעגט.

— צוויי אוהר — האָב איך געענטפערט, א קוק טהאָענדיג אויף מיין זייגער.

— איהר זייט ניט מיעד ? — האָט ער געפרעגט.

— איך ? ניין, אָבער איהר זייט מסתמא מיעד.

— עס שטיקט מיך, ענטשולדיגט מיר ; איך וועל זיך דורכגעהן ; איך וועל נעהמען א טרונק־וואסער. ער איז ארויס, און איך בין געבליבען זיצען. איך בין געזעסען און גע־קלערט וועגען זיינע רייד, און האָב זיך אזוי פערטראַכט, אז איך האָב ניט בעמערקט, וויא ער איז צוריק אריין דורך דיא אנדערע טהיר.

.18

— איך פערקריך אלץ אויף אנדערע זאכען — האָט פּאָזד־נישעוו אָנגעפאַנגען — איך האָב פיעל געטראַכט וועגען דעם, אויף פיעלעס קוק איך איצט ניט וויא אלע מענשען, און וועגען דאָס אלץ ווילט זיך ריידען, אויסריידען זיך דיא הארץ. הקצור,

מיר האָבען זיך בעזעצט אין שטאָדט. אין א גרויסע שטאָדט קען א מענש אָבלעבען 100 יאָהר און זיך ניט כאַפּען, אז ער איז שוין איינגענטליך לאַנג טויט און צופוילט; מען האָט קיין צייט ניט זיך ארומצוזעהען וואו מען האלט אין דער וועלט; רק מען איז פארנומען: דאָס איז מען פארנומען מיט געשעפ־טען; דאָס דאַרף מען זעהן, אז דיא פערהעלטניסע צווישען אייך און אייערע בעקאַנטע זאָלען ניט קאילע ווערען; דאָס האָט מען אן עסק מיט דיא קינדער, מיט זייער געזונד, אָדער זייער ערציהונג; און אזוי געהט עס... דאָ דאַרף מען אויפנעהמען געסט, דאָ גייען צו גאַסט, דאָ דאַרף מען זעהן דעם אַקטיאָר אָדער אַקטריסע אין אזא טהעאַטער, יענעם אָדער יענע אין אזא און אזא. אין א גרויסע שטאָדט איז דאָך צו יע־דער צייט דאָ איינער אָדער צוויי אָדער דריי בעריהמטע אַק־טיאָרען, זינגער, קינסטלער, וועלכע מען טאָר ניט פערפעהלען צו הערען, אָדער זעהן. ווייטער דאַרף מען אליין גיין צו א דאָקטאָר, אָדער זיך זעהן מיט א לעהרער אָדער גאָווערנאַנטי: פאר דיא קינדער — און דאָס לעבען איז זיך פון דעסטוועגען פוסט, אז עס איז א שרעק.

אָבער וויא דיא מעשה איז, — אזוי האָבען מיר גע־לעבט און קיין צייט ניט געהאט צו האָבען יסורים איינער פון דעם אַנדערען. א חוץ אלעס זיינען מיר פון אָנהויב אָן געווען בעשעפטיגט מיט צוריכטען דיא קוואַרטיר, און ווייטער אין פריהלינג מיט'ן איבערפאָהרען אין דאָרף אריין און אין הערבסט מיט'ן צוריקפאָהרען אין שטאָדט.

אזוי האָבען מיר אין שטאָדט אָבגעוואָהנט איין ווינטער און א צווייטען. אויף דעם צווייטען ווינטער האָט זיך געטראָ־פען א זאַך, וועלכע קיינער בעמערקט אפילו ניט, וועלכע מען האלט פאר גאָר־נישט, וועלכע האָט אָבער געפיהרט צו דיא גאַנצע טרויעריגע געשיכטע.

מיין פרוי איז געוואָרען ניט געזונד, און דיא דאָקטוירים האָבען איהר פערבאָטען צו האָבען קינדער, און איהר

אויסגעלערענט א קונץ וויא ניט צו שוואַנגערען. מיר האָט דאָס געעקעלט און איך האָב געקעמפּפט געגען דעם ; זיא אָבער האָט זיך לייכטזיניג איינגע׳עקשן׳ט און עס איז גע־בליעבען וויא דיא דאָקטוירים האָבען געהייסען. איך בין גע־צוואונגען געוועזען נאָכצוגעבען.

דיא איינציגע ענטשולדיגונג וואָס מאַן און פרוי האָבען, פאַר וואָס זיי לעבען צוזאַמען, איז דאָך דער וואונש צו האָבען קינדער. ביי אונז איז דיעזע ענטשולדיגונג אַלזאָ פערשוואונ־דען ; און דער סוף איז געוועזען, אז אונזער לעבען איז געוואָ־רען נאָך העסליכער וויא פריהער.

דער פויער, דער ארבייטענדער דאָרפסמאַן, דאַרף קינ־דער האָבען, כאָטש איהם איז שווער זיי אויסצוהאָדעווען; דע־ריבער האָט זיין לעבען מיט זיין פרוי א זינן. פאַר אונז פּריצים אָבער זיינען דיא קינדער א גאַנץ איבעריגע זאַך ; זיי מאַכען אונז אַן אומזיסטע דאגות און הוצאות און זיי צוברעקלען נאָכ־הער דיא ירושה. מיר האָבען וועגען אונזערע חזיר׳שע פער־העלטניסע מיט פרויען קיין תירוץ ניט. אלזאָ, — ענטוועדער מיר מיידען אויס צו האָבען קינדער מיט צוגעקלעהרטע מיט־לען, אָדער, ווען זיי ווערען פאָרט געבאָרען, קוקען מיר אויף זיי וויא אויף אַן אונגליק, וויא אויף דעם רעזולטאַט פון אונ־זער אונפאָרזיכטיגקייט ; און דאָס איז נאָך העסליכער.

— קיין תירוץ צו וואָס מיר לעבען מיט פרויען האבען מיר ניט ; אָבער מיר זיינען אַזוי ניעדעריג געפאַלען מאָראַליש, אז מיר פיהלען גאָר ניט אפילו, אז מיר דאַרפען זוכען א תירוץ, אַן ערקלעהרונג דערצו.

דאָס רוב פון אונזערע היינטיגע געבילדעטע לייט גיעבען זיך איבער צו אזא פערדאָרבענהייט און זיי האָבען דערפון קיין שום געוויסענסביסע ניט.

עס איז ניטאָ וואָס זאָל בייסען, ווייל אין אונזער לעבען איז גאָר ניטאָ קיין געוויסען, אויסער — אויב מען קען אַזוי זאָגען — דאָס געוויסען פון דעם עולם׳ס מיינונג און קרימי־

נאָל געזעץ; און דאָס, וועגען וואָס איך רייד, בעלאַנגט דאָך ניט צום עולם און מיט'ן געזעץ האָט עס ניט צו טהאָן. אלע טהוען אזוי. וויא דען ? אָנפלאָדען אָרימע לייט ? אָדער אַוועקרויבען ביי זיך דיא מעגליכקייט צו לעבען וויא עס ווילט זיך ?... און פאר'ן געזעץ מורא צו האָבען אָדער זיך אָפּ־עסען דיא הארץ וועגען איהם, איז ניטאָ וואָס ; צולאָזענע אונ־אנשטענדיגע מיידלעך אָדער סאָלדאַטקעס ווארפען דיא קינדער אין טייך, אין ברונען ; און זיי דארף מען, פאר־שטייט זיך, זעצען אין טורמע ; אָבער ביי אונז, פריצים, ווערט דאָך אלץ געמאכט שעהן און פיין און אין אזאַ צייט, אז ער זאָל צו קיין בייז ניט קומען...

אזוי האָבען מיר אָבגעלעבט נאָך צוויי יאָהר. דיא מיטלען פון דיא לומפּיגע דאָקטוירים האָבען אָנגעהויבען צו ווירקען : מיין פרוי איז געוואָרען קרעפטיגער, פעטער, שעהנער, אזוי וויא דיא לעצטע שעהנקייט פון זומער. זיא האָט עס געפיהלט און זיא האָט אָנגעהויבען מעהר אכטונג צו געבען אויף זיך. אין איהר האָט זיך ענטוויקעלט א מאָדנער זאָרט שעהנקייט, א שעהנקייט, וואָס האָט גערייצט און אונרוהיג געמאכט מענער. אין איהר האט זיך צושפּיעלט דיא גאַנצע קראפט פון א 30־יעהריגע אָבגעקאָרמעטע פרוי, וועלכע האָט קיין קינדער ניט און ביי וועלכע דיא בלוט איז פאַנאַנדערגעברענט. איהר אויסזעהן האָט געשטערט יעדען'ס געלאסענקייט. ווען זיא איז דורכגע־גאַנגען צווישען מאנסבילען, האָט זיא געצויגען זייערע בליקען צו זיך. זיא איז געווען אזוי וויא אן איינגעשפּאנטער פערד, וועלכער איז א היבשע צייט געשטאַנען אויף אן אָרט, און פון וועלכען מען האָט אראָפּגענומען דעם צאַם. קיין שפּור פון א צאַם האָט זיא ניט געפיהלט — וויא דאָס רוב פון אונזערע פריצישע ווייבער. און איך האָב דאָס פערשטאַנען, און מיר איז שרעקליך געוואָרען.

.19

פּאָזדנישעוו האט זיך פּלוצלונג אויפגעהויבען און זיך איבערגעזעצט צום פענסטער.

— פערצייהעט מיר, — האָט ער געזאָגט, און, אויסשטעלענדיג דיא אויגען דורך'ן פענסטער, איז ער אזוי אָבגעזעסען א מינוט דריי. דערנאָך האָט ער א שווערען זיפץ געטהאָן און ווייטער זיך געזעצט אַנטקעגען מיר. זיין געזיכט איז געוואָרען גאָר אַנדערש וויא פריהער; דיא אויגען האָבען ביי איהם געקוקט רחמנות'דיג. און עפּעס א זאָנדערבאַרער שמייכעל האָט זיינע ליפּען צוקנייטשט.

— איך בין אַביסעל פערמאַטערט; נור איך וועל דערצעהלען ווייטער. ס'איז נאָך דאָ גענוג צייט, ס'האָט נאָך ניט אנגעהויבען צו טאָגען. יא, אזוי איז דאס געווען — האט ער ווידער אנגעהויבען, פעררויכענדיג א פּאפּיראָס — פון דער צייט, וואס זיא האט אויפגעהערט קינדער צו האבען איז זיא געוואָרען פולער, דיקער, און יענע קריינק איהרע, איהר שטענדיגע ציטערנעס און מאטערנעס וועגען דעם צושטאנד פון דיא קינדער, האָט אָנגעהויבען צו פארשווינדען. עס איז אייגענטליך ניט פערשוואונדען; נור זיא האָט זיך אזוי וויא פּלוצלונג אויסגעניכטערט פון א שכרות; זיא האָט זיך פּלוצלונג דערמאָנט, אז עס איז פאראַן א וועלט מיט פערגעניגענס, אָן וועלכע זיא האָט פארגעסען. „מען טאָר מעהר ניט זיין אזא נאר! דיא צייט וועט אַוועק גיין, וועסטו ניט דערכאַפּען!" אזוי אונגעפעהר האָט זיא זיך געמוזט טראכטען. אזוי שטעל איך זיך פאָר. אַנדערש דיינקען און פיהלען האָט זיא ניט געקענט. מען האָט איהר אזוי ערצויגען, אז אויף דער וועלט איז פאר איהר פאראַן איין זאך, וואָס פערדיענט אויפמערקזאמקייט, און דאָס איז — ליעבע. זיא האָט חתונה געהאט, עטוואָס פון דיעזער ליעבע פארזוכט, אָבער ווייט ניט דאס, וואס מען קען פון דער ליעבע האבען, וואס מען ערווארטעט צו האָבען; און א חוץ דעם האָט זיא גאָר בעקומען

פעל הארצווייטאָג, פיעל יסורים, און דערצו נאָך אזא אונערוואַרטעטע צרה: אזוי פיעל קינדער! דיעזע צרה האָט איהר אויסגעמוטשעט. אָבער וויא דיא מעשה איז, אבי דורך דיא דאָקטוירים, וואָס שטייען גרייט מיט זייער הילף, האָט זיא זיך דערוואוסט, אז מען קען זיך בעגיין אָהן קינדער אויך; אלזאָ האָט זיא זיך דערפרייט, האָט אויסגעפּרובירט זייער מיטעל און איז וויא ניי געבאָרען געוואָרען, — ניי געבאָרען געוואָרען פאַר דער איינציגער זאַך, וועגען וועלכע זיא האָט געוואוסט — פאַר דער ליעבע. אָבער דיא ליעבע מיט אַ מאַן, וואָס איז אין איהרע אויגען מיאוס געוואָרען פון זיין אייפערזוכט און בייזקייט, איז שוין געווען ניט דער זאָרט ליעבע, פון וועלכע זיא האָט געטרוימט. איהר האָט זיך אָנגעהויבען חלום'ען עפּעס אַן אַנדערע, א רייניגקע, א שפּאָגעלנייאינקע ליעבע, — אזוי, לכל הפּחות, האָב איך געדיינקט וועגען איהר. קורץ, זיא האָט זיך גענומען ארומקוקען, אזוי וויא וואַרטענדיג אויף עפּעס־וואָס. איך האָב דאָס באַמערקט, און געלאַסען בלייבען האָב איך נאַטירליך ניט געקענט. ס'האָט אָפט גענומען טרעפען, אז ריידענדיג מיט מיר דורך דיא הילף פון פרעמדע, דאָס הייסט ריינדענדיג מיט פרעמדע, אָבער מיינענדיג מיר, — פלעגט זיא אַרויסזאָגען דעם געדאַנק, אז דיא זאָרג פון א מוטער וועגען איהרע קינדער איז א נאַרישקייט; אז ס'לוינט ניט אוועקצולייגען דאָס לעבען אויף קינדער; אז מעהר וויא איין מאָל לעבט מען ניט אויף דער וועלט.

זיא האָט זיך מיט דיא קינדער אָבגעגעבען וויניגער; ניט מיט אזא פערצווייפלונג וויא פריהער; אלץ מעהר און מעהר האָט זיא זיך בעשעפטיגט מיט זיך אליין; זיא האָט זיך גענומען שטאַרק זאָרגען וועגען איהר אויסזעהן, הגם זיא האָט עס פארשטעלט; זיא האָט זיך אָבגעגעבען מעהר מיט איהרע פערגעניגענס און זאָגאַר מיט איהר ענטוויקלונג, וועלטליכע בילדונג. זיא האָט זיך מיט בעגייסטערונג גענומען פאר דיא פיאנאָ, וועלכע זיא האָט

פריהער געהאט אין גאנצען אוועקגעוואָרפען; און דערפון, אַט פון דיעזער פיאנאָ איהרער האָט טאקע ארויסגעשפּראָצט דיא גאַנצע טראגעדיע.

ער האָט מיט זיינע מיעדע אויגען ווידער גענומען קו־קען אין פענסטער, נור ער האָט גלייך זיך אָנגעשטריינגט ווי־טער צו דערציילען.

— יא, ער האָט זיך בעוויזען, דער קאוואַליער...

דאָ האָט פּאָזדנישעוו זיך פערהאַלטען, און אַרויסגעלאָזען זיין נערוועזען קלאַנג דורך'ן נאָז. איך האָב געזעהן, אַז איהם איז זעהר ניט אַנגענעהם דיעזען מאַן אָנצורופען מיט'ן נאָ־מען, אָדער זאָגאר וועגען איהם צו ריידען. ער האָט אָבער זיך אָנגעטהאָן אַ כח, אזוי וויא איבער געוואַלט אָבגעשטויסען פון זיך דיא שטערונג און געזאָגט מיט אַ פעסטען טאָן:

— אַ פאסקודנער מענשעל איז ער געווען — אויף מיין מבינות וויינינגסטענס; איך זאָג דאָס ניט, ווייל ער האָט געשפּיעלט אזא ראָלע אין מיין לעבען, נור ווייל ער איז טאַקע געווען אַ מיאוס'ער נפש. איבעריגענס, דאָס, וואָס ער איז גע־ווען אַ לומפּ, צייגט ארויס, וויא פוסט מיין פרוי איז געווען; אויב ניט ער, וואָלט געווען אַן אַנאַנדערער; אזוי האָט גע־מוזט פּאַסירען...

פּאָזדנישעוו איז ווייטער אנשוויגען געוואָרען.

— ער איז געווען אַ מוזיקער, אַ פיעדעל־שפּיעלער, — ניט קיין פּראָפעסיאָנעלער מוזיקער, נור אַ האלב־פּראָפעסיאָ־נעלער, האַלב געזעלשאפטליכער מענש.

זיין פאָטער איז אַ גוטס־בעזיצער, מיין פאָטער'ס אַ שכן. זיין פאָטער איז פאַראָרעמט געוואָרען און דיא קינדער — דריי אינגלעך — האָבען זיך אַלע דאָ אוסטראָאיעט; דער קלענערער נור (דאָס איז טאַקע ער) האָט זיך ערצויגען ביי זיין שטיעפמוטער אין פאריז. דאָרטען האָט מען איהם אָבגעגעבען אין אַ קאָנסערוואטאָריע, ווייל ער האָט געהאט טאלאנט צו מוזיק, און ער איז ארויס פון דאָרטען אַ פיעדעל־שפּיעלער און געשפּיעלט אויף קאָנצערטען. אַ מענש איז ער געווען...

(מען האט געקענט זעהן, אז פּאָזדנישעוו האט דאָ וועגען איהם געוואָלט זאָגען עפּעס שלעכטעס, נור ער האָט זיך אָבגעהאלטען און ארויסגערעדט געשווינד :) — נו, וויא אזוי ער האָט דאָרטען געלעבט, ווייס איך ניט ; איך ווייס נור, אז דיעזען יאָהר איז ער געקומען אין רוסלאַנד און מיך בעזוכט. ווייכע, פייכטליכע אויגען ווי מאַנדלען, שמייכעלדיגע ליפּען, געוועקסטע וואָנצעס פערקאַמט נאָך דער לעצטער מאָדע; דאָס געזיכט וואולגאַר־שעהן—פון דעם זאָרט, וועלכען פרויענצימער רופען „ניט מיאוס“. געבויט איז ער געוועזן שוואַך, נור ניט העסליך, מיט אַן ענטוויקעלטען הינטען, אזוי ווי ביי אַ פרויענ־צימער, אָדער וויא ביי אַ האָטענטאָט; האָטענטאָטען זיינען דאָך אויך מוזיקאַליש, זאָגט מען. ער רוקט זיך גלייך מיט אייך צו ריידען וויא מיט אַ'ן אַלטען בעקאַנטען גוטען ברודער; האַלט זיך אָבער אימער אָפּ דערפון, וויא ער שפּירט נאָר אז איהר לאָזט צו זיך ניט צו. ער האָט שטענדיג געהיט זיין אויסערליכע ווירדע און האָט אימער געטראָגען שיכעלעך מיט קנעפּלעך און העלל־קאָלירטע האַלזטוכער נאָך דער סאַ־מער לעצטער פּאַריזער מאָדע נאָך ; אַלץ וואָס ער האָט גע־טראָגען האָט געשמעקט מיט יענעם בעזונדערען העכסט־מאָדנעם גוסט, וועלכען אַ'ן אויסלענדער לערענט זיך געוועהנ־ליך אָפּ אין פּאַריז ; דאָס אַלעס ווירקט אויף אונזערע דאַמען ; עס האָט אין זיך אַ בעזונדערען זאָרט נייאיגקייט, אונגעוועהנ־ליכקייט, וועלכער מאַכט אַ'ן איינדרוק אויף זיי. אין זיינע מאַנערען האָט ער געהאַט אַ געמאַכטע אויסערליכע פריילי־קייט ; דערביי האַט ער געהאַט אַ שטייגער וועגען אַלץ צו ריידען מיט אָנצוהערענעסען, ניט דער־ריידענדיג,—פּונקט וויא איהר וואָלט עס אַלץ אויך געוואוסט, און איהר קענט שוין אַליין פערשטעהן דיא ניט־דערזאָגטע ווערטער.

אָט דיעזער בעקאַנטער אונזערער מיט זיין מוזיק, איז דאָס געוועזן דיא אורזאַכע פון אַלץ וואָס האָט פּאַסירט. אויף'ן געריכט האָט מען פּאָרגעשטעלט, אז דער מאָרד איז געקור־

מען פון אייפערזוכט; ס'הויבט זיך גאָר ניט אָן! דאָס הייסט ניט, אז עס האָט קיין שייכות ניט מיט דעם; עס איז אָבער פאָרט ניט געווען דאָס. אין גערינגט איז אזוי טאקע געבליעבען, אז איך בין א'ן אָבגענארטער מאַן און אז איך האָב איהר געטוידט, בעשיצענדיג מיין פערשמוצטע עהרע (אזוי הייסט עס אויף זייער לשון). מען האָט מיך געפונען פאר אונשולדיג. איך האָב זיך געסטארעט אין גע־ריכט צו ערקלעהרען דעם אמת'ן זינן פון דער געשיכטע. נור זיי האָבען געמיינט, אז איך וויל אַלץ נעהמען אויף זיך, דעם גאנצען בלבול ארויפווארפען אויף זיך אום צו בעשיצען די עהרע פון מיין פרוי'ס נאָמען.

די שייכות וואָס זיא האָט געהאט מיט'ן מוזיקער, האָט פאר מיר איצט קיין שום בעדייטונג ניט, עס מאכט מיר ניט אויס אין וואָס דיעזע שייכות איז בעשטאַנען; וויכטיג איז נור דאָס, וואָס איך האָב אייך דערציילט; מיין שוויינערייע מיין איך. אַלץ האָט פּאסירט נור צוליעב דעם, וואָס צווישען אונז איז געלעגען דער שרעקליכער תהום, וועגען וועלכען איך האָב אייך דערצעהלט, יענע שרעקליכע איינגע־האַלטענע שנאה, ביי וועלכע עס איז געווען גענוג די מינדסטע אורזאכע אום עס זאָל קומען צום גרעסטען אונגליק.

די מחלוקות צווישען אונז זיינען די לעצטע צייט גע־וואָרען שרעקליך און נאָך יעדער קריעג איז אָנגעקומען א צייט פון שטארקע טהירישע ליידענשאַפט, וויא אימער.

אויב ער וואָלט זיך ניט אונטער־געדרוקט, וואָלט זיך אונ־טערגעדרוקט א'ן אנדער שווארץ יאָהר. ווען איך וואָלט ניט געהאט מיין אייפערזוכט פאר א תירוץ, וואָלט איך געפונען עפּעס א'ן אַנדער אויסרייד. איך בלייב ביי דאָס מייניגע, אז מענער, וועלכע לעבען אַזוי וויא איך, מוזען ענטוועדער פיהרען א'ן אויסגעלאַסענעם לעבען, אָדער אז ניט, איז מאַכען זיך א טויט אָדער טוידטען זייערע פרויען. אויב עס געפינט זיך אימיצער, מיט וועמען ס'האָט אזוי ניט געטראָפען, איז

ער אַ'ן אויסנאַהמע. איידער צו טהאָן דאָס וואָס איך האָב סוף כל סוף געטהאָן, האָב איך שוין פיעל מאָל געהאַלטען ביי זעלבסטמאָרד און זיא האָט זיך אויך פיעל מאָל געפּרופּט סם'ען.

.20

— יא, אַזוי איז דאָס געווען. אַזוי האָבען מיר געלעבט א קורצע צייט איידער דאָס האָט געטראָפען. אָט לעבען מיר צום ביישפּיעל אין פריעדען. אַלץ איז דאַכט זיך געלאַסען, און עס איז דאַכט זיך ניטאָ קיין אורזאַכע וואַרום מיר זאָלען זיך צוקריעגען. פּלוצלונג פאַנגט זיך אָן אַ געשפּרעך וועגען דעם, אַז אַזאַ און אַזאַ הונד האָט אויף דער אויסשטע־לונג געקראָגען אַ מעדאַל; אַזוי דערצייל איך. זיא באַמערקט: „ניין, ניט קיין מעדאַל נור אַ „לויב־שריפט". עס הויבט זיך אָן אַ'ן אַמפּעריי. מען שפּרינגט אַריבער פון איין ענין אויף דעם אַנדערען. עס פליהען פאָרווירפע. „איך האָב געזאָגט", „דו האָסט געזאָגט". „ניין, איך האָב אַזוי ניט געזאָגט"... „הייסט עס, אַז איך זאָג אַ ליגען?..." עס פיהלט זיך, אַז אָט, אָט וועט דאָ אַרויסשיסען אַ ווילדע קריעג, איינע פון יענע, ווען עס ווילט זיך טוידטען ענטוועדער זיך אָדער איהר. איהר ווייסט, אַז באַלד מוז זיך דאָס אָנהויבען; איהר האָט דער־פאַר מורא, וויא פאַר פייער און איהר וואָלט וועלען זיך איינ־האַלטען; נור דער כעס נעהמט אייך אַזוי דורך, אַז איהר זייט איבער זיך קיין בעל הבית ניט; און זיא פיהלט אויך אַזוי. נאָך ערגער. זיא דרייט בכיון איבער אייער יעדען וואָרט און גיט איהם צו אַ'ן אַנדער' בעדייטונג; יעדעס וואָרט איה־רעס איז אָנגעזאַפּט מיט גיפט; וואו זיא וויים נור, אַז מיר טהוט מעהר וועה, דאָרטען שטעכט זיא, וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער.

זיא שפּרינגט אַרויס פון'ן צימער, לויפט אין דעם קינ־דער־צימער אַריין; איך סטאַרע זיך איהר אָפּצוהאַלטען,

כדי איך זאָל זיך קענען אויסריידען, ערקלעהרען; איך כאַפּ איהר פאַר'ן האַנד; זיא מאַכט זיך אָבער אַזוי וויא איהר מהוט דערפון וועה און שרייט: „קינדער, אייער טאַטע שלאָגט מיך!" איך שריי: „זאָג ניט קיין ליגען!"

— אַזוי וויא דאָס וואָלט געווען דאָס ערשטע מאָל!" שרייט זיא. דיא קינדער לויפען צו צו איהר; זיא בערוהיגט זיי. איך זאָג: „מאַך ניט קיין אָנשטעלל", און זיא ענט־פערט: „דו,—דו קענסט טוידטען אַ מענשען און זאָגען, אַז ער מאַכט זיך בלויז. איצט פערשטעה איך דיר שוין. ווילסט איך זאָל שטאַרבען; מעהר וויא דאָס ווילסטו ניט.

„אָ, הלואי וואָלסט שוין פגר'ען!" איך געדיינק, וויא מיך אַליין האָבען דיעזע ווערטער דערשראָקען. איך האָב בשום אופן ניט ערוואַרטעט, אַז ביי מיר זאָלען זיך אַרויסרייסען אַזעלכע ווילדע, שרעקליכע ווערטער. איך וואונדער זיך, וויא אַזוי זיי זיינען אַרויס פון מיין מויל, און איך לויף צו זיך אין צימער, זעץ זיך אַנידער און רויכער. איך הער, וויא זיא געהט אַרויס אין פאָדער־צימער און קלייבט זיך אַוועקצופאָה־רען. איך פרעג: „וואוהין?" זיא ענטפערט ניט. „פאָהר צו אַלע שוואַרץ יאָהר!" זאָג איך אין דער שטילל, צו זיך זעלבסט, אומקעהרענדיג זיך אין מיין צימער; איך לייג זיך אַנידער און פלענער געהען דורך דורך מיין געדאַנקען, פלענער וויא אַזוי נקמה צו נעהמען פון איהר, וויא דערלייזט צו ווערען פון איהר, וויא אַלץ צו פערגלעטען און צו מאַכען אַזוי, וויא קיין זאַך וואָלט צווישען אונז ניט פאָרגעקומען. אַזוי ליעג איך און טראַכט וועגען דעם און רויכער, און רויכער, און רויכער. איך טראַכט גאָר צו אַנטלויפען פון איהר, בע־האַלטען זיך ערגעץ, אַוועקפאָהרען אין אַמעריקאַ; איך פאַנ־טאַזיר, וויא איך וועל פון איהר פטור ווערען און וויא גוט דאָס וועט זיין, און וויא איך וועל זיך בעגעגענען מיט אַ צווייטע שעהנע פרויענצימער, — אַ'ן אויסגעצייכענטע פרוי, גאָר אַנאַנדער זאָרט מענש. פון מיין יעצטיגע וועל איך פטור

ווערען. גאַנץ פּראָסט, זיא וועט שטאַרבען אָדער איך וועל זיך מיט איהר גט'ען; און איך טראַכט פּלענער, וויא דאָס צו מאַכען.

איך זעה, אַז איך פּלאָנטער זיך אין מיינע געדאַנקען; איך זעה, אַז איך טראַכט גאָר ניט וועגען דעם, וואָס מען דאַרף; אָבער איך וויל אומישנע זיך פּאַרטומלען דיא קאָפּ, טאַקי אום איך זאָל ניט זעהן, אַז איך טראַכט ניט וואָס איך דאַרף טראַכטען; און מיט דיעזען צוועק — זיך צו פּאַרטומלען דיא קאָפּ, — רויכער איך.

און דאָס לעבען אין שטוב געהט זיך זיין גאַנג. עס קומט דיא גובערנאַנטין. זיא פרעגט: „וואו איז דיא מאַדאַם? ווען קומט זיא צוריק?" דער לאַקיי פרעגט: „דערלאַנגען טהעע?" איך געה אריין אין עס־צימער; דיא קינדער, אי־בערהויפּט דיא עלטערע, ליזא, וועלכע הויבט שוין אָן צו פער־שטעהן א וועלט, קוקען אויף מיר, אזוי וויא זיי וואָלטען עפּעס געפרעגט, און זייערע בליקען דריקען אויס אונצופריעדענהייט מיט מיר. מיר טרינקען דיא טהיי און שווייגען. זיא איז אַלץ ניטאָ. עס געהט אַוועק דער גאַנצער אָבענד; זיא איז ניטאָ, און צוויי געפיהלען בייטען זיך ביי מיר: איין געפיהל איז כעס אויף איהר פאַר וואָס זיא מאַטערט מיך און דיא קינדער מיט דעם וואָס זיא איז ניטאָ אין דער היים, און וואָס ענדליך וועט זיא קומען און עס וועלען זיך אנפאַנגען דיא געוועהנליכע צרות; א צווייטער געפיהל איז אַ שרעק טאָמער וועט זיא ניט קומען, טאָמער לייגט זיא אַרויף אַ האַנט אויף זיך. איך וואָלט שוין געפאהרען איהר זוכען; נאָר וואו זוכט מען איהר? ביי דער שוועסטער? געהן אהין פרעגען וועגען איהר, איז נאריש: עס וועט מיר לעכערליך מאַכען. נור זאָל זיא טהאָן וואָס זיא וויל. אויב זיא וויל ניט אַנדערש וויא מאַטערן מיך און זיך, זאָל זיא זיך מאַטערן וויפיעל זיא וויל; זיא וואַרט דאָך נאָר, אַז איך זאָל איהר געהן זוכען, אַז איך זאָל אומגעהן א צומישטער, וואס זיא איז ניטאָ; אַ צווייטען מאָל וועט זיין נאָך ערגער... וויא איז אָבער, אַז זיא

איז ניט ביי איהר שוועסטער און זיא טהוט זיך עפּעס אן א מעשה אָדער זיא האָט דאָס שוין געטהאָן?.. עלף א זייגער, צוועלף א זייגער!... איך געה ניט אין שלאָף־צימער; עס האָט קיין זינן ניט דאָרטען צו ליגען אליין און צו ווארטען; איך וועל זיך לייגען אין דעם צימער, וואו איך זיץ. איך וויל עפּעס טהאָן, דיא צייט צו פערטרייבען; איך וויל שרייבען א בריעף, לעזען; נאָר איך קען קיין זאך ניט טהאָן; איך זיץ אליין אין צימער, קוועל זיך, קאָך זיך און האָרך זיך צו. דריי, פיער א זייגער — זיא איז אלץ ניטאָ. ווען עס ווערט טאָג, שלאָף איך איין. איך כאַפּ זיך אויף; זיא איז אלץ ניטאָ.

אין שטוב געהט אלץ, וויא פריהער; נור אלע קוקען אויף מיר און זייערע אויגען זאָגען, אז דאָס איז אלץ צוליעב מיר. און אין מיר קומט פאָר דער זעלבער קאמפּף וויא נעכטען, — כעס פאר וואס זיא קוועלט מיך און אונרוהיגקייט וועגען איהר.

ארום עלף א זייגער אין דער פריה קומט צופאהרען איהר שוועסטער מיט א שליחות פון איהר, און עס פאנגט זיך אָן דיא געוועהנליכע געשיכטע: זיא טענה'ט מיט מיר, מוסר'ט מיך אויף א פריינדליכען שטייגער, וואונדערט זיך פאר וואס מיר האָבען זיך צוקריעגט איבער אזא קלייניגקייט... איך ענט־פער, אז מיין פרוי האָט אן אונמעגליכען כאראקטער און טענה אז איך האָב קיין שלעכטס ניט געטהאָן און ניט געזאגט..

— אבער אזוי קען דאָך דאָס לייגנער ניט אנהאלטען — זאָגט דיא שוועסטער.

— דאָס איז שוין איהר זאך, ניט מיינע, — זאָג איך — איך וועל דעם ערשטען שריט ניט מאכען. זיא וויל זיך שייד־דען? — זאָל זיין געשיידט.

דיא שוועגערין פאָהרט אוועק מיט גאָר ניט. איך האָב שטאָלץ געזאגט, אז דעם ערשטען טריט וועל איך ניט מאכען; אָבער גלייך וויא זיא איז אוועקגעפאהרען און איך בין ארויס־געגאנגען און דערזעהען דיא קינדער, וויא צרה'דיג זיי ווייזען

אויס, עפּעס אזוי וויא דערשראָקענע, — ווען איך האָב דאס דערזעהען, בין איך שוין געווען גרייט צו מאכען דעם ערשטען טריט. איך וואָלט דאָס שוין געטהאָן, נאָר איך ווייס ניט וויא. איך געה ווייטער היין און צוריק איבער דעם צימער און ביים פריהשטיק טרינק איך א גלעזעל בראנפּען און א גלאז וויין.

אַרום דריי אַ זייגער קומט זיא צופאָהרען. זיא רעדט מיט מיר ניט. איך טראכט זיך, אז זיא האָט זיך בערוהיגט און הויב אן צו ערקלעהרען, אז זיא האָט מיר געבראכט צו מיין כעס מיט איהרע שטעך־ווערטער. זיא ענטפערט קאַלט און שטרענג, מיט א מינע פון אויסגעמאטערטקייט, אז זיא איז ניט געקומען צו האָבען ערקלערונגען מיט מיר נור צו נעהמען דיא קינדער, אז לעבען צוזאמען קענען מיר ניט; איך הויב אָן צי טענה'ען, אז ניט איך בין שולדיג, אז זיא האָט מיך ארויסגעבראכט פון געדולד.. זיא קוקט אויף מיר שטרענג, מיט א וואזשנעם, פּאראדנעם מין בליק קוקט זיא מיר אָן און דאַן זאָגט זיא :„רייד בעסער ניט ; דו וועסט חרטה האָבען". איך ענטפער אָפּ, אז איך קען קיין קאָמעדיעס ניט פערטראָגען. דאַן שרייט זיא עפּעס אויס, וואס איך קען ניט דערהערען און זיא אנטלויפט צו זיך אין צימער. עס הערט זיך דער פערדרוקער אין טהיר; זיא האָט זיך פערשפּארט, הייסט עס. איך פּרוּף קלאַפּען — זיא ענטפערט ניט ; און איך געה אָפּ מיט כעס. אין א האלבע שעה ארום לויפט אריין ליזא מיט טרעהרען אין דיא אויגען. — „וואס איז דאָרטען? אין דער מאמע'ס צימער איז אזוי שטיל". מיר געהען צו. איך גיב דיא טהיר א ציה מיט אלע כחות. דער פערדרוקער איז ניט גוט פערדרוקט, און ביידע האלבע טהירלאך עפענען זיך פאנאנדער; איך געה צו צום בעט: זיא ליעגט אין דיא קליידער, מיט דיא שיך מיט אלעמען. און אויפ'ן טיש שטעהט א ליידיגע גלעזעל פון אָפּיום. מיר מינטערען איהר אָפּ... זיא וויינט, — הקיצור, מיר ווערען גוט־פריינד. אין הארצען איז ביי אונז דיא אלטע שנאה פון איינעם געגען אנדערען און אלס צוגאָב א נייע גיפט

פאַר דעם וועהטאָג, וואס איז צוגעקומען פון דער לעצטער קריעג, אין וועלכע איך בעשולדיג נור איהר און זיא בעשולדיגט נאָר מיר. מען מוז דאָך אָבער וויא עס איז מאכען א סוף פון דער מחלוקה; אלזאָ געהט זיך דאס לעבען ווידער וויא פריהער. אזעלכע מחלוקות און נאָך ערגערע האָבען מיר געהאט ווידער און ווידער. אמאָל פלעגען זיי טרעפען אלע וואָך, אמאָל — אלע מאָנאט און אמאָל גאָר אלע טאָג. אלץ דיא זעלבע גע־שיכטע.

איין מאָל האָב איך שוין געהאט געמאכט אן אויס־לענדישען פאס — דיא קריעג האָט דאן געדויערט צוויי טעג נאכאנאנד; מיר האָבען אָבער ווידער כלומר'שט זיך דורכ־גערעדט, ווידער כלומר'שט שלום געמאכט, און איך בין ניט געפאהרען.

21.

— אָט אזוי זיינען געוועזן אונזערע פערהעלטניסע, אזוי האָבען מיר צווישען זיך געלעבט ביי דער צייט ווען יענער מוזיקער האָט זיך בעוויזען. טרוכאטשעווסקי רופט מען איהם. ער איז געקומען צופאהרען אין מאסקווע, און איז געקומען מיר בעזוכען. אין א פריה־מאָרגען איז דאס געוועזן. איך האָב איהם אמאָל געקענט און מיר פלעגען זיך זאָגען „דוא". איצט האָט ער געפרופט האלב „דוא", האלב „איהר", אָבער מעהר „דוא". איך אָבער האָב גלייך גענומען איהם „איהרצען", און ער האָט קיין אנדער ברירה ניט געהאט וויא זיך אונטערצוגעבען. ער איז מיר זעהר ניט געפעלען געווארען, נאָר עפעס א מערקוויר־דיגע שלים־מזל'דיגע קראפט האָט מיך געצויגען, אז איך זאָל איהם ניט אפשטויסען פון זיך, ניט דערווייטערען. נור פאַר־קעהרט, זיין פריינדליך צו איהם; ווארים וואס האָט געקענט זיין גרינגער, איינפאכער וויא צו ריידען מיט איהם קאלט און איהם לאָזען אוועקגעהן ניט פארשטעלענדיג איהם פאַר מיין פרוי?... אָבער עפעס אזוי וויא בכיון האָב איך פערצוויגען א געשפרעך וועגען שפיעלען; איך האָב געזאָגט, אז מיר האָט

מען דערצעהלט, דאס ער האָט אוועקגעוואָרפען זיין פיעדעל. ער האָט געענטפערט, אז, פארקעהרט, איצט שפּיעלט ער מעהר וויא פריהער. ער האָט מיר געגומען דערמאָהנען אז איך האָב אויך אמאָל געשפּיעלט. איך האָב געענטפערט, אז איך שפּיעל שוין מעהר ניט, נאָר אז מיין ווייב שפּיעלט גוט.

א מערקווירדיגע זאך! מיינע פערהעלטניסע צו איהם זיינען אויפ׳ן שטעל געווען פּונקט אזוי שלעכט, וויא שפּעטער, וויא נאכדעם וויא דיא גאנצע שרעקליכע געשיכטע האָט שוין פּאַסירט. אויפ׳ן שטעל איז ער מיר העסליך געוואָרען. ריי־דענדיג מיט איהם, בין איך געווען אנגעשטרענגט ניט וויא גע־וועהנליך, ווען מען רעדט מיט א מענשען. איך האָב בעמערקט יעדען וואָרט, יעדען אויסדרוק, וואס איך אָדער ער האָט ארויס־געזאָגט, עפּעס אזוי וויא דאָס אלץ וואָלט געהאט א בעזונדערע וויכטיגקייט.

קורץ, איך האָב טרוכאַטשעווסקי׳ן פאָרגעשטעלט פאַר מיין פרוי; מען האָט אויפ׳ן שטעל גענומען ריידען וועגען מוזיק, און ער האָט פאָרגעלייגט צו שפּיעלען מיט איהר. איך האָב שוין געזאָגט, אז דיא לעצטע צייט, זינט זיא האָט אויפ־געהערט צו האָבען קינדער, איז זיא געווען זעהר עלעגאַנט, ציציהעגוי און האָט אין זיך געהאט א שעהנקייט, וועלכע שטערט דיא רוהיגקייט פון מענער. אזוי איז זיא געווען אין דיעזען מאָמענט.

איך האָב געקענט זעהן, אז ער איז איהר גלייך געפעה־לען געוואָרען.. א חוץ דעם האָט זיא זיך דערפרייט וואָס זיא וועט האָבען א געלעגענהייט צו זיין בעגלייט פון א פיעדעל־שפּיעלער, ווען זיא שפּיעלט פּיאַנאָ. זיא האָט דאָס זעהר גע־ליעבט, און צו דיעזען צוועק האָט זיא שוין אייניגע מאָל גע־דונגען א מוזיקאַנט פון טהעאַטער — זיא זאָל שפּיעלען אויף איהר פּיאַנאָ און ער זאָל איהר בעגלייטען אויפ׳ן פיעדעל. איצט אַלזאָ וועט זיא אַזעלכע דועטען שפּיעלען מיט דיעזען כאַלאַנטפּולען מוזיקער פון פּאַריז; און דיעזע פרייד איהרע

האָט זיך אויסגעדריקט אויף איהר געזיכט. דערזעהענדיג מיר, האָט זיא אָבער גלייך פערשטאַנען מיינע געפיהלען דערביי, און זיא האָט ־עם אויסדרוק פון איהר געזיכט געענדערט; און אַזוי האָט זיך צווישען אונז אָנגעפאַנגען דיא קאָמעדיע פון אָפּנאַרען איינער דעם אַנדערען... איך האָב אַנגענעהם געשמייכעלט, מאַכענדיג זיך, אַז מיר איז זעהר ליעב, וואָס ער וועט צו אונז אַריינקומען און וואָס זיי וועלען שפּיעלען צוזאַמען. טרוכאַטשעווסקי וויעדער, האָט געקוקט אויף מיין פרוי וויא הולטייעס קוקען געוועהנליך אויף אַ שעהנע פרוי; און דערביי האָט ער געמאַכט אַ מינע, אַזוי וויא איהם וואָלט דאָ ניט אינטערעסירט קיין אַנדער זאַך וויא דאָס, וואָס מיר האָבען גערעדט—דאָס הייסט פּונקט דאָס, וואָס אין אמת'ן איז איהם אין זיין לינקע פּאה ניט געלעגען. זיא האָט זיך געסטאַרעט צו זיין גלייכגילטיג; עס איז איהר אָבער שווער געווען. זיא האָט פּאַרשטאַנען מיין פאַלשען שמייכעל, דעם שמייכעל פון אַ'ן אייפערזיכטיגען מאַן, וועלכער מאַכט זיך פון איידעלקייט וועגען, אַז ער איז צופריעדען; און דאָס צוזאַמען מיט טרוכאַטשעווסקי'ס תאוה־בליק האָט איהר רו־היגקייט צושטערט. און איך האָב דאָס אַלץ באַמערקט.

איך האָב באַמערקט, אַז ביי זייער סאַמע ערשטע באַגע־געניש האָבען איהרע אויגען גענומען שיינען מיט אַ בעזונ־דערען שיין; איך רעכען, אַז דאָס וואָס ביידע האָבען גע־פיהלט מיין פערבאָרגענע אייפערזוכט, האָט זיי אין דיעזען מאָמענט ביידען פעראייניגט, אַזוי וויא אַ'ן עלעקטרישער שטראָם וואָלט זיך דורך זיי דורכגעצויגען; און פון דיעזען שטראָם האָבען אויף זייערע ביידען'ס פּנים'ער זיך בעוויעזען דיא זעלבע בליקען און דער זעלבער זאָרט שמייכלען. זיא איז אַ ביסעל רויט געוואָרען; ער איז אַ ביסעל רויט געוואָ־רען; זיא האָט געשמייכעלט; ער האָט געשמייכעלט. מען האָט געשמועסט וועגען מוזיק, וועגען פּאַריז, וועגען פערשיע־דענע קלייניגקייטען. ער איז אויפגעשטאַנען אַוועקצופאָהרען,

און, אַ ביסעלע טרייסלענדיג זיין פוס, און האַלטענדיג צוגע־דריקט זיין הוט צו זיין זייט, איז ער געשטאַנען מיט אַ שמייכעל, קוקענדיג אַ ווײַלע אויף איהר, אַ ווײַלע אויף מיר, עפּעס אַזוי וויא ער וואָלט וואַרטען צו זעהן וואָס מיר וועלען דאָ טהאָן. איך געדיינק דיעזע מינוט דייטליך, טאַקי דערפאַר, וואָס אין דיעזער מינוט האָב איך דאָך לייכט געקענט איהם לאָזען אַוועקגעהן און איהם מעהר ניט איינלאַדען צו אונז אין שטוב. דאַן וואָלט געווען אַ סוף, און עס וואָלט קיין זאַך ניט געטראָפען. איך האָב אָבער אַזוי ניט געטהאָן. איך האָב אַ קוק געטהאָן אויף איהר און אויף איהם. „זאָלסט אפילו ניט אָנהויבען צו דענקען, אַז איך בין אייפערזיכטיג צו דיר אָדער אַז איך האָב פאַר דיר מורא“—אַזוי האָב איך צו איהם געזאָגט אין מיין געדאַנקען, און איך האָב איהם איינגעלאַדען צו קומען ווען עס איז אין אַן אָבענד און מיט זיך צו בריינגען זיין פיעדעל אום צו שפּיעלען אַ דועט מיט מיין פרוי. זיא האָט אויף מיר אַ קוק געטהאָן וויא אַ'ן איבערראַשטע, שטאַרק רויט געוואָרען, און עפּעס אַזוי וויא אַ דערשראָקענע, האָט זיא זיך גענומען ענטזאָגען; זיא שפּיעלט ניט גאַנץ גוט, האָט זיא געזאָגט. אָבער דאָס וואָס זיא ענטזאָגט זיך, דאָס האָט מיר נאָך מעהר אויפגערעגט, וואָרים איך האָב געוואוסט, אַז דאָס טהוט זיא בלויז, ווייל זיא האָט מורא פאַר מיין אייפערזוכט; און איך האָב נאָך שטאַרקער איהם געבעטען, אַז ער זאָל קומען. אַזוי וויא איצט וואָלט דאָס געוועזן,—אַזוי געדענק איך דעם מאָדנעם געפיהל, מיט וועלכען איך האָב געקוקט אויף זיין פאַטילניצע, און אויף זיין ווייסע האַלז וויא זיא טהיילט זיך אָפּ פון זיינע שוואַרצע האָאָר, וועלכע איז ביי איהם געווען פאַרקאַמט מיט אַ הינטערשטען שרונט. אויף דאָס אַלעס האָב איך געקוקט, בשעת ער איז פון אונז אַרויסגעגאַנגען; מיט אַ מין שפּרינגענדיגען גאַנג, עפּעס אַזוי וויא אַ פויגעל, איז ער געגאַנגען. ביי זיך אין הארצען האָב איך זיך געמוזט מודה זיין, אַז דיעזען מענשען'ס אַנוועזענ־

הייט פאַרשטערט מיר מיין לעבען. איך האָב מיט זיך גע'טענה'עט, אַז אָן מיר אַליין ווענדט זיך צי ער זאָל זיין ביי אונז אָ'ן אָפּטער איינגייהער צי ניט, אַז איך קען לייכט מאַכען אַ סוף צו זיינע וויטערע וויזיטען; אָבער דאָס צו טהאָן וואָלט געהייסען זיך מודה זיין, אַז איך האָב פאַר איהם מורא... ניין, איך האָב פאַר איהם ניט קיין מורא; דאָס וואָלט געווען אַ צו גרויסע ערנידערונג פאַר מיר, האָב איך זיך געטראַכט. אַלזאָ, ווען איך האָב איהם בעגלייט דורך אונזער פאָדער־צימער, וויסענדיג, אַז מיין פרוי הערט וואָס איך זאָג צו איהם,—בין איך צו איהם צוגעשטאַנען, אַז ער זאָל ניט אַנדערש וויא קומען צו אונז, און טאַקי דעם זעלבען אבענד, קומען מיט זיין פיעדעל און שפּיעלען מיט מיין פרוי. ער האָט מיר צוגעזאָגט און אַזוי איז ער אַוועקגעפאָהרען.

אין אבענד איז ער געקומען מיט זיין פיעדעל און זיי האָבען געשפּיעלט. אָבער זייער שפּיעלען איז עפּעס אַלץ ניט געגאַנגען וויא עס בעדאַרף צו זיין. דיא נאָטען, וואָס זיי האָבען געוועלט האָבען, האָט מיין פרוי ניט געהאַט, און דיא וואָס זיא האָט יע געהאַט, האָט זיא נאָך ניט איינגעשטודירט. איך פלעג זעהר ליעב האָבען מוזיק און האָב אין זייער שפּיעלען אַ אינטערעס גענומען; כ'האָב געהאָלפען אויפשטעלען דעם שטענדעריל פאַר דיא נאָטען, און איבערגעמישט דיא נאָטען פאַר זיי. עטוואָס האָבען זיי יע געשפּיעלט: איינע פון דיא „ליעדער אָהן ווערטער“ און עפּעס פון מאָצאַרט. ער האָט געשפּיעלט אויסגעצייכענט. ער האָט געהאַט אַ מערקווירדיגען טאָן, וויא מען רופט עס. אַ חוץ דעם האָט ער געהאַט אַ דעליקאַטען, זעהר עדעלען, נאָבעלען געשמאַק,—גאָר ניט ווערדליג זיין כאַראַקטער אַלס מענש.

עס פאַרשטייט זיך, ער האָט געשפּיעלט ניט אָ'ן ערך בעסער וויא זיא; ער האָט איהר געהאָלפען און אויס העפליכקייט געלויבט איהר שפּיעלען. ער האָט זיך געהאַלטען זעהר גוט. און מיין פרוי האָט, דאַכט זיך, זיך אינטערעסירט

בלויז מיט זייער מוזיק, און זיא האָט זיך געהאַלטען גאַנץ איינפאַך און נאַטירליך. איך אָבער—הגם איך האָב זיך גע־מאַכט, אַז איך בין פּאַראינטערעסירט אין זייער שפּיעלען,—בין דעם גאַנצען אָבענד, אָהן אַן אויפהער געווען אין געהאַקטע וואונדען פון אייפערזוכט.

— פון דער ערשטער מינוט, וואָס ער האָט זיך מיט מיין פרוי באַגעגענט מיט דיא אויגען, האָב איך געזעהן, אַז דיא חיה, וועלכע זיצט אין זיי ביידען, און וועלכע קוקט ניט אויף קיין „מעג“ און „טאָר ניט“, פרעגט: „וועט מען קענען....?“ און דער שטומער אַנטוואָרט איז געווען: „אָ, יאָ, געוויס קען מען...“

איך האָב געזעהן, אַז ער האָט אין אַזאַ מאָסקוועր דאַמע וויא מיין פרוי ניט ערוואַרטעט צו געפינען אַזאַ צוציהענדע פּרויענצימער, און אַז ער האָט זיך זעהר דערפרייט מיט דעם. אַז זיא איז צופריעדען מיט איהם צו האָבען אַ'ן עסק, ווענען דעם האָט ער קיין שום צווייפעל ניט געהאַט—דאָס האָב איך געקענט זעהן, אַזוי וויא מיט דיא אויגען. דיא איינציגע פראַגע איז געווען, וויא אַזוי מען מאַכט דאָ, אַז דיא „מאוס'ע בריאה“, איהר מאַן, זאָל ניט שטערען. ווען איך אַליין וואָלט געווען ריין, וואָלט איך אַזעלכע זאַכען ניט פער־שטאַנען; אָבער איך, אַזוי וויא דאָס רוב מענער, האָב דאָך אויך אַזאַ מיינונג געהאַט ווענען פרויען איידער איך בין געווען פערהייראַטה; איך האָב אַלזאָ זיין נשמה געלעזען אַזוי וויא דאָרטען וואָלט אַלץ געווען אויפגעשריעבען מיט טינט און פעדער.

מיינע יסורים האָבען הויפּטזעכליך געשטאַמט פון דעם, וואָס איך האָב דייטליך געזעהען דעם אונטערשיעד צווישען איהרע געפיהלען צו מיר און איהרע געפיהלען צו איהם. צו מיר האָט זיא כמעט איממער געפיהלט אַ בייזהייט, אַ כעס, וועלכער איז נור צייטענווייז אונטערבראָכען געוואָרען פון תאוה. גאַנץ אַנדערש איז געווען מיט דיעזען מוזיקער. ער־שטענס, צוליעב זיין עלעגאַנטען אויסזעהן; צווייטענס, ווייל

ער איז א נייער, א פרישער מענש; דריטענס—און דאָס איז דיא הויפּט־זאך—ווייל ער האָט טאַקי אָהן צווייפעל גע־האָט א גרויסען טאַלאַנט; פערטענס, ווייל זייער שפּיעלען צוזאַמען האָט צווישען זיי געשאַפען א מין נאָהענטקייט; פינפטענס, ווייל דיא מוזיק, הויפּטזעכליך דיא פּיעדעל, ווירקט שטאַרק אויף איינדרוקבאַרע נאַטורען—אָט דורך דיעזע אַלע אורזאַכען האָב איך קיין ספק ניט געהאַט, אַז ער מוז איהר געפעהלען, און ניט נור געפעהלען, נור אַ סך מעהר וויא דאָס: ער מוז איהר גלייך בעזיעגען, קנייטשען וויא אַ פּאַפּיערעל, פלעכטען וויא אַ שטריקעל, טהאָן מיט איהר וואָס ער וויל. איך האָב דאָס אַלעס געזעהן, און איך האָב דערפון געליטען אָהן אַ שיעור... און דאָך, אָדער אפשר טאַקי דערפאַר וואָס איך האָב זיך אַזוי געמוטשעט פון אייפערזוכט, האָט עפּעס אַ מאָדנע קראַפט, געגען מיין ווילען מיר געצוואונגען צו זיין העפליך צו איהם און ניט נור העפליך נור אויך פריינדליך. האָב איך דאָס געטהאָן צוליעב איהם אָדער צוליעב איהר, אום צו ווייזען, אַז איך האָב קיין מורא ניט? האָב איך דאָס גע־טהאָן בלויז צוליעב זיך אַליין, אום זיך אַליין צו נאַרען? איך ווייס ניט; איך ווייס מעהר ניט, אַז פון דער ערשטער מינוט אָן בין איך ניט געווען אין שטאַנדע מיט איהם זיך צו פערהאַלטען פּראָסט, נאַטירליך.

מיר וואָלט זיך געוועלט איהם אויף'ן שטעל טויטען; און אום ניט נאָכצוגעבען דיעזען וואונש מיינעם, האָב איך איהם געמוזט לאַשצען. ביי דער וועטשערע האָב איך איהם מכבד געווען מיט טייערע ווייגען, האָב ניט אויפגעהערט צו קוועלען פון זיין שפּיעלען, האָב גערעדט מיט איהם מיט אַ בעזונדערען פריינדליכען שמייכעל און האָב איהם איינגע־לאַדען צו קומען צו אונז אויף מיטאַג דעם נעקסטען זונטאַג, ער זאָל וויעדער שפּיעלען מיט מיין פרוי. איך האָב ערקלעהרט, אַז איך וועל אויך איינלאַדען אַ פּאָר בעקאַנטע, ליעבהאָבער פון מוזיק, זיי זאָלען איהם הערען. מיט דעם האָט זיך געענ־דיגט זיין ערשטער וויזיט.

פאָזדנישעוו איז געווען זעהר אויפגערעגט. ער האָט אי־בערגעביטען זיין אָרט און האָט ארויסגעלאָזען פון האַלז זיין נערוועזען קלאַנג.

— אַ מערקווירדיגע זאַך, וויא דיא אַנוועזענהייט פון דיע־זען מענשען האָט אויף מיר געווירקט! — האָט ער וויעדער אָנגעפאַנגען, מאַטערנדיג זיך צו זיין רוהיג—אויף'ן צווייטען אָדער דריטען טאָג נאָך יענעם וויזיט זיינעם, אומקעהרענ־דיג זיך פון אַ'ן אויסשטעלונג און אַריינקומענדיג אין אונזער פאָדער־צימער, האָב איך פלוצלונג דערפיהלט וויא אַ שווערע משא; עפּעס אַזוי וויא אַ שטיין וואָלט זיך אויף מיר אַרויפ־געקייקעלט. דיעזער „עפּעס“ איז בעשטאַנען אין דעם, דאָס דורכגעהענדיג דורך דעם פאָדער־צימער האָב איך בעמערקט אַ זאַך, וועלכע האָט מיר עררינערט אָן איהם. אָבער בלויז ווען איך בין שוין געווען אין מיין צימער האָב איך זיך אַרומגעזעהן וואָס דאָס איז; איך בין גלייך געגאַנגען צוריק אין פאָדער־צימער, אום צו ערקונדיגען זיך אויב איך האָב קיין טעות ניט געהאַט; ניין, איך האָב קיין טעות ניט געהאַט. דאָס איז געווען זיין מאַנטעל. ניט קיין מאַנטעל וויא אַללע מאַנטלען; אַ פראַנטאָווסקער מאַנטעל, נאָך דער סאַמער לעצ־טער מאָדע (אַללעם וואָס איז געווען שייך צו איהם, האָב איך בעמערקט מיט דיא קלענסטע איינצעלהייטען, הגם איך האָב עס אַליין בשעת מעשה ניט געפיהלט). איך האָב געפרעגט צי ער איז דאָ און — עס פערשטעהט זיך, דאָס איז ער געווען. וואָס דען?! איך בין צוריק שוין ניט געגאַנגען דורך דעם גאַסט־צימער, נאָר דורך דעם קינדער־צימער און בין אַריינגעקומען אין זאַאַל. דאָרטען איז געזעסען ליזאַ, מיין טאָכטער, מיט אַ ביכעל אין האַנד, און דיא ניאַנקע האָט ביי אַ טישעל געשפּיעלט זיך עפּעס מיט אַ דעקעל. דיא טיהר אין זאַסט־צימער איז געווען צוגעמאַכט, אָבער פון דאָרטען האָט זיך געהערט מוזיק און זייערעביידענס שטימען. איך הער זיך צו; וואָס זיי ריידען קען איך אָבער ניט כאַפּען.

מען שפּיעלט אויף דער פּיאנאָ מסתמא אומישנע, אום צו פערשטיקען דיא שטיממען, און אפשר אויך צו פערשטי־קען... זייערע קושען... גאָט מיינער, וויא דיא בלוט האָט אין מיר געגומען קאָכען! א שרעק וואָס עס האָט זיך ביי מיר אָפּגעטהאָן אויף'ן הארצען! ווען איך דערמאָן זיך נאָר אָן דיא חיה, וועלכע האָט אין מיר דאן געלעבט, נעהמט מיר אָן א שרעק. מיין הארץ איז מיר צוזאַמענגעדריקט געוואָרען, האָט זיך אָפּגעשטעלט און האָט נאכהער גענומען שלאָגען וויא מיט א האמער.

מיין הויפּט־געפיהל, וויא אימער אין אזעלכע מאָמענ־טען פון ווילדען כעס, איז געוועזן א רחמנות אויף זיך זעלבסט; און איך האָב זיך גאָר ניט געשעהמט ניט פאר מיין קינד, ניט פאר מיין ניאנקע. איך האָב געמוזט אויסזעהן שרעקליך. וואָרים ליזא, מיין מיידעלע, האָט אויף מיר געקוקט מיט מאָדנע אויגען. וואָס זשע זאָל איך טהאָן? האָב איך זיך אליין געפרעגט. ארייגעהן? איך קען ניט: גאָט וויים וואָס איך וועל דאָרטען טהאָן. אוועקגעהן אָבער, קען איך אויך ניט. דיא ניאנקע קוקט אויף מיר, אזוי וויא זיא וואָלט פערשטאנען וואָס מיט מיר טהוט זיך דאָ. יא, ניט אריינגעהן קען איך ניט, און איך האָב שנעל געעפענט דיא טיהר. ער איז געזעסען ביי דער פּיאנאָ מיט זיינע ווייסע, אויסגעבויגענע פינגער אויף דיא ביינדלעך; ער האָט דאָס געשפּיעלט; זיא האָט מיר דערזעהן אָדער דערהערט פריהער וויא ער, און זיא האָט אויף מיר א קוק געטהאָן.

איך וויים ניט צי זיא האָט זיך דערשראָקען און זיך געמאכט, אז זיא שרעקט זיך ניט, אָדער זיא האָט זיך טאקע ניט דערשראָקען; וויא דיא מעשה איז, זיא האָט קיין שום ציטער ניט געטהאָן, אפילו קיין ריהר זיך ניט געטהאָן. זיא איז בלויז עטוואָס רויט געוואָרען, און דאָס שפּעטער א ביסעל.

— גוט וואָס דוא ביזט געקומען! — האָט זיא געזאָגט. מיר האָבען אַלץ ניט געקענט בעשליסען וואָס זונטאג צו שפּיע־לען.

זיא האָט דאָס געזאָגט מיט אַ פרעהליכען טאָן, מיט אַ טאָן פון גוטע־פריינדשאַפט. מיט אזא טאָן וואָלט זיא בשום אופן צו מיר ניט גערעדט, ווען מיר וואָלטען געוועןביידע אַליין. דאָס, און ווייל זיא האָט געזאָגט „מ י ר“, „מיר האָ־בען אַלץ ניט געקענט בעשליסען“, דאָס הייסט, זיא און ער, זיי ביידע, דאָס צוזאמען האָט מיר שרעקליך אויפגעבראכט. איך האָב איהם בעגריסט אָהן ווערטער. ער האָט מיר אַ דריק גע־מהאָן דיא האנד און אויף'ן שטעל מיט אַ שמייכעל מיר גע־נומען ערקלעהרען, אַז ער האָט געבראכט נאָטען, אום זיך צו צופּערטיגען צו זייער זונטאָגדיגען שפּיעלען, אָבער אַז זיי קענען ניט מרוצה ווערען וואָס צו שפּיעלען. דער שמייכעל, מיט וועלכען ער האָט דאָס געזאָגט, האָט אויף מיר געמאכט אַ'ן איינדרוק, אַז ער לאַכט פון מיר. זיי האָבען ניט געוואוסט, וואָס עס וועט זיין בעסער, האָט ער ערקלעהרט— צי קלאַסישע, שווערע זאכען, וויא בעטהאָווען'ס סאָנאַטאַ, אָדער קליינע זאכען. דאָס אַלץ איז, דאַכט זיך, געווען אַזוי פּראָסט, אַזוי נאַטירליך, אַז עס איז ניט געווען צו וואָס זיך צו צוטשעפּען. און פון דעסטוועגען בין איך געווען איבער־ציינגט, אַז עס איז ניט אמת און אַז זיי האָבען צווישען זיך אָפּגעמאכט וויא אַזוי מיר אָפּצונאַרען.

דיא שרעקליכסטע זאַך פאַר אַן אייפערזיכטיגען מאַן (און אייפערזיכטיג זיינען ביי היינטיגע אומשטענדען אַלע), דיא שרעקליכסטע זאַך, זאָג איך, איז דאָס, וואָס ביי געוויסע וועלטליכע אומשטענדען ווערט ערלויבט, אַז אַ פרוי מיט אַ פרעמדען מאַן זאָלען זיך געפינען אין אַ געפעהרליכע נאָהענט־קייט איינער מיט'ן אַנדערען. אויב איהר וועט ניט צולאָזען, אַז אייער פרוי זאָל זיין נאָהענט מיט אַ פרעמדען מאַן אויף אַ באָל, אָדער מיט איהר דאָקטאָר, אָדער מיט דעם, מיט וועל־

כען זיא בעשעפטיגט זיך צוזאמען מיט קונסט, מיט מאהלעריי און הויפטזעכליך מיט מוזיק — אויב איהר ווערט דאָס ניט צולאָזען, מאכט איהר פון זיך לייטישע געלעכטער. מענשען בעשעפטיגען זיך, דאכט זיך, מיט דיא ערעלסטע פון אללע קונסטען, מיט מוזיק; נו, דערצו איז נויטיג א געוויסע נאָהענטקייט צווישען זיי ביידען, און אין דיעזע נאָהענטקייט איז, דאכט זיך, נאטאָ קיין שום זאך, געגען וואָס מען זאָל קענען עפּעס אויסזעצען; דאכט זיך בלויז אַן אייפערזיכ־טיגער מאַן קען דאָ עפּעס האָבען דאגעגען. און דאָך ווייסען אללע, אַז גראד דורך דיעזען זאָרט בעשעפטיגונגען, הויפּט־זעכליך ווען מען בעשעפטיגט זיך מיט מוזיק, קומען אָפּט ארויס שמוציגע פערהעלטניסע צווישען פרויען און פרעמדע מענער.

איך האָב געזעהן, אַז דאָס וואָס איך בין אַזוי וויא אַ צוטומעלטער, אַ צוטראָגענער, אַ פערשעהמטער, האָט זיי וויא צו־טומעלט און פערשעהמט. איך האָב לאַנג ניט געקענט ריידען. איך בין געווען וויא אַ פלעשעל וואסער, וואָס איז איבערגע־קעהרט מיט דיא העלזעל אראָפּ; דיא פלעשעל איז אַזוי פולל, אַז צוליעב דיא פולקייט געהט דיא וואסער גאָר ניט אַרויס. מיר האָט זיך געוואָלט איהם מאַכען וויא דיא בלאָטע, ארויס־טרייבען איהם; איך האָב אָבער געפיהלט, אַז איך דארף ווידער זיין מיט איהם פריינדליך און ליעבליך; און אַזוי האָב איך געטהאָן. איך האָב זיך געמאַכט, אַז אַלץ וואָס ער זאָגט מיר געפעלט מיר; עס איז געווען דיא פריהערדיגע געשיכטע: וואָס העסליכער, וואָס שמערצליכער מיר איז געווען זיין אַנוועזענהייט, מיט אַלץ מעהר פריינדליכקייט בין איך זיך מיט איהם בעגאַנגען. איך האָב געזאָגט, אַז איך פערלאָז זיך אין גאַנצען אויף זיין געשמאַק און האָב מיין פרוי אויך געראַטהען אַזוי צו טהאָן. ער איז פערבליעבען נאָך אַ ביסעל — בלויז אַזוי פיעל, וויפיעל עס איז נויטהיג געווען זום צו פערגלעטען דעם שווערען איינדרוק, וועלכען איך האָב געמאַכט מיט דעם, וואָס איך בין אַריינגעקומען אַ צושראָקענער

און אָהן ווערטער—און דאַן איז ער אַוועקגעפאָהרען; ער איז ארוים כלומרשט מיט אַ מינע, אַז איצט האָבען מיר שוין בעשלאָסען וואָס צו שפּיעלען זונטאג, אַזוי וויא דאָס וואָלט געווען דיא גאַנצע פראַגע. איך בין אָבער געווען איבערצייגט, אַז דיא הויפּט־זאַך וואָס האָט זיי אינטערעסירט איז גאָר געווען אַ'ן אנדערע און אַז אין פערגלייך מיט דעם האָט דיא פראַגע וואָס צו שפּיעלען ביי זיי קיין שום בעדייטונג ניט געהאַט.

מיט אַ בעזונדערע העפליכקייט האָב איך איהם בעגלייט אין פאָדער־צימער (וויא אַזוי בעגלייט מען עס ניט אַ מענשען, וועלכער איז געקומען ספּעציעל מיט'ן צוועק צו צושטערען דיא רוהע און צו פערניכטען אַ גאַנצע פאַמיליע?) מיט אַ בעזונדערע ליעבליכקייט האָב איך איהם געדריקט זיין ווייסע, ווייכע האַנד.

.22

— אַ גאַנצען טאָג האָב איך דאַן מיט מיין פרוי ניט גערעדט. איך האָב איינפאַך ניט געקענט. דאָס וואָס זיא איז געווען נאָהענט לעבען מיר, האָט אין מיר ערוועקט אַזאַ האַס צו איהר, אַז איך האָב מורא געהאַט פאַר זיך אַליין.

ביים מיטאָג עסען, ווען דיא קינדער זיינען געווען דערביי, האָט זיא געפרעגט ווען איך פאָהר. דיא נעקסטע וואָך האָב איך געדאַרפט פאָהרען אין אויעזד*). איך האָב איהר געזאָגט ווען איך פאָהר. זיא האָט געפרעגט צי דאַרף איך ניט, אַז מען זאָל מיר צופערטיגען עפּעס אויף'ן וועג. איך האָב גאָר ניט געענטפערט. שווייגענדיג בין איך געזעסען ביים טיש און שווייגענדיג בין איך אַריין צו זיך אין צימער. דיא לעצטע צייט איז זיא אין מיין צימער קיינמאָל ניט אריינגעקומען, הויפּטזעכליך אין דיעזע שטונדע. איך ליעג אַלזאָ אין מיין צימער און ברען פון כעס. פּלוצלונג דער־

*) גאַנץ רוסלאַנד ווערט צוטהיילט אויף גובערניעס און יעדע גובערניע אויף אויעזדען (אַזוי ווי אין דיא פעראייניגטע שטאַאטען ווערט יעדער סטייט צוטהיילט אויף קאָונטיס —איבערזעצער.

הער איך טריט און דערקען נאָך דעם גאַנג נאָך, אַז דאָס איז זיא. אין קאָפּ קומט מיר אריין אַ שרעקליכער, עקעלהאַפּטי־גער געדאַנק, אַז זיא איז אַזוי וויא דיא ווייב פון אוריה; אַז זיא האָט שוין געזינדיגט מיט'ן מוזיקער און אַז זיא וויל בעהאַלטען איהר זינד מיט דעם וואָס זיא קומט אריין צו מיר אין דיעזער אונערוואַרטעטער שטונדע. „צי דען געהט זיא דאָס טאַקע צו מיר?“ קלעהר איך מיר, צוהערענדיג זיך וויא איהרע טריט קומען צו נעהענטער. „אויב צו מיר, איז אַ סימן, אַז איך האָב קיין טעות ניט“. און אין מיין נשמה הויבט זיך אויף אַ שרעקליכער האַס צו איהר. נעהענטער, נעהענטער קומען צו דיא טריט. . . . קען דאָס זיין, אַז זיא וועט ניט פערבייגעהן פערביי מיין טיהר, ניט געהן אין זאַאַל אריין? ניין, דיא טיהר האָט אַ סקריפּ געטהאָן און עס האָט זיך בעוויעזען איהר הויכע, שעהנע פיגור; אי אין איהר געזיכט, אי אין איהרע אויגען האָט זיך אויסגעדריקט שרעקעדינקייט און חניפה; זיא סטאַרעט זיך דיעזע שרע־קעדיגקייט און חניפה צו פערבאָרגען; איך זעה דאָס אָבער און איך פערשטעה וואָס דאָס בעדייט.

עס האט מיר אנגעהויבען שטיקען — אַזוי לאַנג האב איך פערהאַלטען דעם אטהעם; און אזוי, אַלץ קוקענדיג אויף איהר, האב איך זיך גענומען פאר מיין פּאַפּיראָסניצע, און האב פעררויכערט א פּאַפּיראָס.

— וואס האט דאס פאר א פּנים? — האט זיא געזאָגט — מען קומט צו דיר אריין, זיצען א ווייל⸗ע, און דוא הויבסט גלייך אָן צו רויכערען — מיט דיעזע ווערטער האט זיא זיך געזעצט אויפ'ן קאַנאַפּע, צורוקענדיג זיך צו מיר. איך האב זיך אבגערוקט, אום זיך ניט אנצוריהרען אָן איהר.

— וויא איך זעה, ביזטו אונצופריעדען, וואס איך וויל זונטאג שפּיעלען — האט זיא געזאָגט.

— איך בין גאר ניט אונצופריעדען.

— איך זעה דען ניט, וואס?

— נו, מזל טוב דיר, וואס דוא זעהסט. איך אבער זעה ניט קיין זאַך; איך זעה נור, אַז דוא פיהרסט זיך אויף וויא אַ קאָקעטקע... מעהר ניט וואָס דיר געפעלט יעדע ניעדער־טרעכטיגקייט, און מיר עקעלט דאָס.

— אויב דוא ווילסט זיך זידלען וויא א בעל עגלה, וועל איך ארויסגעהן.

— געה זיך דיר. אבער געדיינק, אַז אויב דיר איז ניט טהייער דיא עהרע פון אונזער פאַמיליע, איז מיט מיר גאַנץ אנדערש. ניט דוא ביזט מיר טהייער (פון מיינטוועגען קענסטו געהן צום טייוועל), אבער דיא עהרע פון דער פאַמיליע איז מיר יע טהייער.

— וואס ווילסטו? וואס מיינסטו?

— געה אוועק! אום גאָטעס ווילען, געה!

איך וויים ניט צו זיא האט זיך דאס געמאַכט, אַז זיא פערשטעהט ניט וועגען וואס דאָ האַנדעלט זיך, אדער זיא האט טאַקי ניט פערשטאַנען; איך וויים מעהר ניט, אַז זיא האט זיך בעליידיגט, איז אין כעס געוואָרען, און זיא איז ניט ארויס; זיא איז געבליעבען שטעהן אין מיטען צימער.

— פון דיר איז דיא לעצטע צייט שוין פראָסט ניט אויס־צוהאַלטען — האט זיא געזאָגט — האָסט אַזאַ כאַראַקטער, אַז א מלאך וואָלט מיט דיר ניט געקענט אויסקומען.

און וויא אימער, האט זיא זיך געסטאַרעט מיר צו טרעפען אין אַזאַ אָרט, וואו איהר שטאָך וועט מיר פערשאַפען דיא גרעסטע שמערצען. אמאָל, פאַרליערענדיג געדולד, האב איך אנגעזידעלט מיין שוועסטער, איהר זעהר בעליידיגט. מיין פרוי האט געוואוסט, אַז דאס פערדריסט מיר שטאַרק; אַלזאָ האט זיא מיר דערמאָנט אָן דיעזע געשיכטע, און האט בעמערקט:
— נאָך דעם קען איך פון דיר ערוואַרטען אַלץ אין דער וועלט.

„אהא", האב איך זיך געקלעהרט, „זיא פערשעהמט מיר פאר לייטען, מאַכט פון מיר א בארג אַש, און איך בין נאָך

דער שולדיגער"! איך האב דערפיהלט אין זיך אזא כעס, וועל־כען איך האב נאָך קיין מאָל אין זיך ניט געפיהלט.

מיר האט זיך געגלוסט דיעזען כעס אויסצודריקען קער־פערליך. איך האב א שפרונג געטהאָן פון דער קאנאפע און זיך א לאָז געטהאָן צו איהר. אבער אין דער זעלבער מינוט האב איך געפיהלט, אז איך בין ווילד אויפגערעגט און איך האב זיך געפרעגט, אויב עס האט א זינן זיך אבצוגעבען צו אזא געפיהל; און מיין אַנטוואָרט איז געווען, אז עס איז גוט אזוי. אז דאס וועט איהר איבערשרעקען. הקיצור, אנשטאט צו קעמפ־פען געגען דיעזען צאָרן מיינעם, האב איך איהם אין זיך נאָך מעהר צוברענט, און זיך געפרעהט וואָס ער צופלאַקערט זיך אין מיר אַלץ שטארקער און שטארקער.

— ארויס פון דאנען, אז ניט ביסטו א טוידטע! — האב איך א געשריי געטהאָן, און האב איהר א כאפ געטהאָן פאר'ן האנט. מיט א פולען בעוואוסט־זיין, אומישנע, האב איך געשריען אזוי, אז מיין שטימע זאָל קלינגען וואס בייזער, וואס ווילדער; איך האב מסתמא אויס־געזעהן שרעקליך, ווארים זיא האט זיך אזוי דערשראָקען, אז זיא האט אפילו ניט געהאט קיין כח ארויסצוגעהן, און נור געזאָגט:

— וואסיא, וואס איז מיט דיר? וואס טהוט זיך מיט דיר?

— ארויס! — האב איך געשריען נאָך העכער — נור דוא קענסט אין מיר אזוי צוקאָכען מיין בלוט. איך בין ניט פעראנטוואָרטליך פאר זיך.

און איין מאָל האב איך שוין מיין כעס געלאָזען זיך פער־נאנדערברענען, האב איך פון איהם אליין געקוואָלען, זיך בעזוי־פען מיט איהם, און מיר האט זיך געוואָלט טהאָן עפּעס אן אונ־געוועהנליכע זאך, עפּעס אזוינס, וואס זאָל ארויסווייזען דיא העכסטע שטופע פון מיין ווילדען צאָרן. מיר האט זיך שרעק־ליך געוואָלט איהר טוידטען; איך האב אבער געוואוסט, אז

דאס טאָר מען ניט טהאָן, און דעריבער — אום פּאָרט נאכצו־געבען מיין צופלאַקערטען צאָרן — האב איך פון מיין שרייב־טיש א כאַפּ געטהאָן א פּאַפּיער־צוהאַלטער און האב דאס א שליידער געטהאָן אָן דער ערד פאַרביי איהר. איך האב אָנ־מישנע געציעלט פ א ר ב י י איהר. דאָן איז זיא ארויס פון מיין צימער; זיא האט זיך אבער אבגעשטעלט אויפ'ן שוועל; און אין דיעזער מינוט, כל זמן זיא האט נאָך געקענט זעהן וואס איך טהו (און איך האב טאַקי געהאַט אין זינען, אַז זיא זאָל דאס זעהן), האב איך פון טיש געכאַפּט פערשיע־דענע זאכען, — לייכטער, דעם טינטער — און האב דאס אַלץ געשליידערט אָן דער ערד, אַלץ שרייענדיג:

— געה! ארויס פון דאַנען! איך בין ניט פעראַנטוואָרט־ליך פאר זיך!

זיא איז ארויסגעגאַנגען און איך האב אויפ'ן שטעל אויפגעהערט.

אין א שטונדע ארום איז צו מיר אריין דיא ניאַנקע און געזאָגט, אַז מיין פרוי ליעגט אין היסטעריקע. איך בין אריין צו איהר. זיא האט געוויינט און געלאַכט, ניט געקענט אויס־ריידען קיין וואָרט און איהר גאַנצער קערפּער האט זיך גע־טרייסעלט. זיא האט זיך דאס ניט געמאַכט. זיא איז טאַקי קראַנק געוואָרען. אויף מאָרגען אין דער פריה האט זיא זיך בערוהיגט און מיר זיינען גוט־פריינד געוואָרען אונטער דער ווירקונג פון יענעם געפיהל, וועלכען מיר האבען גערופען „ליעבע“.

אין דער פריה, ווען נאָך אונזער גוט־פריינד ווערען האב איך זיך פאר איהר מודה געווען, אַז איך בין אייפערזיכטיג צו טרוכאַטשעווסקי'ן, האט זיא זיך א האָר ניט פערשעהמט, און האט אויף דעם נאַטירליכסטען אופן זיך צולאַכט. אזוי ווילד האט דאס איהר אויסגעזעהן דער געדאַנק, אַז זיא זאָל זיך קענען פעראינטערעסירען מיט אזא מענשען — אזוי האט זיא ערקלערט.

— צו דען קען א בכבוד'ע פרוי צו אַזאַ מענשען עפּעס פּיהלען אויסער דעם פערגניגען וואס זיין שפּיעלען פערשאַפט ?
— האט זיא געזאָגט — אויב דוא ווילסט וועל איך מיט איהם קיין מאָל זיך אפילו ניט זעהן, אפילו דיעזען זונטאג אויך ניט, כאָטש מיר האבען דאָך שוין אַלעמען איינגעלאַדען... איך וועל איהם שרייבען, אַז איך בין ניט געזונט, און א סוף. איין זאַך איז ניט אנגענעהם : מען קען נאָך אפשר מיינען, הויפּטזעכליך ער אליין, אַז ער איז א געפאהר פאַר מיר. .. איך בין צו שטאָלץ צו ערלויבען אַז מען זאָל דאס מיינען...

און זיא האט אייגענטליך דאָ קיין ליגען ניט געזאָגט. מיט דיעזע ווערטער האט זיא געהאָפט אין זיך צו ערוועקען א פעראַכטונג צו איהם און זיך צו בעשיצען פון איהם ; איהר האט זיך דאס אבער ניט איינגעגעבען. אַלעס איז געווען געוועגדעט געגען איהר, הויפּטזעכליך דיא פערפלוכטע מוזיק. און אַזוי האט זיך דאס אַלעס געענדיגט : זונטאג זיינען ביי אונז געווען געסט און זיי האבען ווייטער געשפּיעלט, ער אויפ'ן פּיעדעל און זיא אויף דער פּיאנא.

.23

— עס איז איבעריג צו זאָגען, אַז איך האָב זעהר ליעב געהאַט זיך אוים־צו־פּיינען. אָבער אין אונזער געוועהנליכען לעבען מוז מען זיך ליעבען אוים־צו־פּיינען ; אַז ניט, איז איינפאַך קיין אינטערעס ניטאָ אין לעבען. אַלזאָ האָב איך זונטאג זיך גענומען צוריכטען דעם מאָלצייט מיט דער אונטערהאַלטונג, אַז אַלץ זאָל זיין מיט געשמאַק. איך האָב אַליין איינגעקויפט וואָס מען האָט בעדאַרפט צום עסען און האָב אַליין געשיקט איינלאַדען דיא געסט.

אַרום 6 אוהר זיינען זיך צוזאַמען־געקומען דיא געסט, און ער איז געקומען אין א פראַק מיט דיעמענטענע ספּאָנקעס אין דיא מאַנזשעטען. פאַר קיין איידעלען מענשען, פאַר א קינסטלער פון דעם העכערען זאָרט האָבען דיעזע ספּאָנקעס ניט געפּאַסט. זיי זיינען געווען צו שרייענד, צו וואולגאַר.

געהאַלטען האָט ער זיך פריילעך און פריי; אויף אַלץ וואָס מען האָט איהם געזאָגט, אָדער געפרעגט ביי איהם, האָט ער געענטפערט גיך, אַזוי וויא אין איילעניש, מיט אַ שמייכעלע פון אַ מענשען, וואָס איז איינפערשטאַנען מיט אייך; און דערביי האָט ער געהאַט אַזאַ אויסדרוק אויף זיין געזיכט, אַזוי וויא אַלץ וואָס איהר זאָגט און טהוט, איז פונקט דאָס, וואָס ער ערוואַרט, אַז איהר וועט זאָגען און טהאָן. אַלע זיינע פעהלערען, אַלץ וואָס אין איהם איז געוועזען ניט שעהן, ניט־סימפּאַטהיש, האָב איך איצט אין איהם באַמערקט מיט אַ בע־זונדערען פערגניגען; וואָרים דאָס אַלץ האָט מיר געדאַרפט בערוהיגען, ווייל דאָס אַלץ האָט געדאַרפט ווייזען, אַז ער שטעהט אין מיין פרוי'ס אויגען אויף אַזאַ נידעריגען שטאַפעל, אַז זיא וועט מיט איהם קיין עסק ניט וועלען האָבען, אַז זיא וועט צו אַזאַ נידעריגע שטופע זיך ניט אַראָפּלאָזען,—וויא זיא האָט אַליין געזאָגט. אייפערזיכטיג זיין האָב איך זיך איצט ניט ערלויבט. ערשטענס האָבען דיעזע יסורים מיר שוין אויס־געמאַטערט, און מיר איז נויטיג געוועזען זיך אָפּצורוהען פון דעם; צווייטענס, האָט זיך מיר איצט געוועלט גלויבען מיין פרוי'ס פערזיכערונגען, און איך האָב זיי געגלויבט. און דאָך, כאָטש איך בין איצט ניט געוועזען אייפערזיכטיג, האָב איך זיך נאַטירליך מיט איהם פאַרט ניט געהאַלטען, ניט מיט איהם, ניט מיט איהר; און אין דער צייט פון עסען, און דיא גאַנצע ערשטע העלפט פון דעם אַבענד, איידער זיי האָבען אָנגעהויבען צו שפּיעלען, האָב איך נאָכגעקוקט זייער יעדען קעהר, זייער יעדען קוק.

דער מאָהלצייט איז געווען אַזוי וויא אַלע אַזעלכע מאָל־צייטען—לאַנגווייליג, מיט געמאַכטע פריילי‌כקייט. אַך, וויא איך געדיינק אַלע איינצעלהייטען פון יענעם אָבענד! איך געדיינק וויא ער האָט צוגעטראָגען זיין פידעל, וויא ער האָט געעפענט דיא קעסטעל, אַראָפּגענומען דעם צודעק, וועלכען אַ דאַמע האָט פאַר איהם אויסגענייט, וויא אַזוי ער האָט אַרויסגענומען דיא פידעל און איהר אָנגעהויבען אָנ־צו־שטעלען.

איך געדיינק וויא מיין פרוי האָט זיך ביי דער פּיאַנאָ געזעצט מיט אַ געמאַכטע גלייכגילטיגקייט אויף איהר געזיכט. — אַ גלייכגילטיגע מינע, אונטער וועלכע זיא האָט פּאַרבאָרגען איהר צושראָקענהייט. וויא איך האָב פערשטאַנען; זיא איז ניט געווען זיכער, אַז זיא וועט קענען גוט שפּיעלען, אַז זיא וועט אויסנעהמען. מיט אַ געמאַכטע מינע האָט זיא זיך אַלזאָ געזעצט ביי דער פּיאַנאָ, און עס האָט זיך אָנגעפאַנגען דיא געוועהנליכע געשיכטע פון אָנשטעלען אַ פידעל נאָך אַ פּיאַנאָ נאָך: זיא האָט איהם געגעבען דעם טאָן, און ער האָט אָנ־געצויגען דיא סטרונעס, און זיי אויסגעפּרופּט. דערנאָך האָט מען אָוועקגעלייגט דיא נאָטען. איך געדיינק, וויא דאַן האָ־בען זיי אַ קוק געטהאָן איינער אויף דעם אַנדערען, אַ בליק געטהאָן אויף דיא געסט, וועלכע האָבען זיך איוסגעזעצט אויף דיא שטוהלען, וויא זיי האָבען עפּעס געזאָגט איינער דעם אַנדערען, און וויא דיא מוזיק האָט זיך אָנגעפאַנגען.

ער האָט גענומען דיא ערשטע טענער. זיין געזיכט איז געוואָרען ערנסט, שטרייגנג, סימפּאַטהיש, און, צוהערענדיג זיך צו זיינע קלאַנגען, האָט ער מיט פאָרזיכטיגע פינגער אַ צופּ געטהאָן דיא סטרונעס. דיא פּיאַנאָ האָט איהם אָבגעענט־פערט. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען.

ביי דיעזע ווערטער האָט זיך פּאָזדנישעוו אָבגעשטעלט און האָט עטליכע מאָל פון האלז ארויסגעלאָזען זיין נערוועזען קול. ער האָט געוועלט ווייטער אָנפאַנגען צו דערציילען; ער האָט אָבער גענומען סאָפּען מיט'ן נאָז און האָט זיך ווידער אָבגעשטעלט.

— בעטהאָווען'ס „קרייצער סאָנאַטאַ" האָבען זיי גע־שפּיעלט—האָט ער פאָרטגעזעצט—זייט איהר בעקאַנט מיט דעם אָנהויב? אוי! אוי! אַ שרעקליכע זאַך איז דיעזע סאָ־נאַטאַ—האָט ער אַ געשריי געטהאָן — הויפּטזעכליך דער אָנ־הויב. איבערהויפּט איז מוזיק אַ סטראַשנע זאַך. איך פאַר־שטיי איינענטליך ניט... וואָס הייסט מוזיק? וואָס טהוט זיא אויף און צו וואָס טהוט זיא דאָס? מען זאָגט, אַז מוזיק

ערהויבט דיא נשמה. אז אין דעם בעשטעהט איהר ווירקונג. עס הייבט זיך גאָר ניט אָן! א נעכטיגער טאָג! יא, זיא האָט א ווירקונג, א שרעקליכע ווירקונג האָט זיא (איך רייד וועגען זיך אליין). זיא ווירקט; זיא ערהויבט אָבער ניט דיא נשמה. פארקעהרט, זיא ווירקט אזוי, אז זיא מאכט דיא נשמה נאָך נידעריגער וויא זיא איז; זיא עררעגט איהר, דיא נשמה, זיא צורייצט איהר. וויא זאָגט מען עס... מוזיק מאכט, אז איך זאָל פארגעסען זיך אליין, פארגעסען מיין אמת׳ע לאגע. זיא טראָגט מיר אריבער אין עפּעס א׳ן אנדער לאגע גאָר ניט מיינע. אונטער דער ווירקונג פון מוזיק דוכט זיך מיר, אז איך פיהל דאָס, וואָס איך פיהל אייגענטליך גאָר ניט; עס דוכט זיך מיר, אז איך פארשטיי דאָס, וואָס איך פארשטיי גאָר ניט, אז איך קען דאָס וואָס איך קען גאָר ניט. די אורזאכע דערפון בעשטעהט, נאָך מיין מיינונג, אין דעם, וואָס מוזיק ווירקט אזוי וויא געגעצען אָדער א געלעכטער. מיר ווילט זיך, צום ביישפּיעל, גאָר ניט שלאָפען; דאָך געגעץ איך, ווען איך זעה וויא אנדערע געגעצען. אָדער: עס איז ניטאָ פון וואָס צו לאכען און איך צולאך זיך, ווייל איך הער אז אנדערע לאכען.

דיא מוזיק טראָגט מיר גלייך אריבער אין יענעם צו־שטאנד, אין וועלכען עס האָט זיך געפונען דער וואָס האָט דיא מוזיק געשריעבען. מיין נשמה ווערט צוזאמענגעגאָסען מיט זיין נשמה און דערביי געה איך ארוים פון מיין צושטאנד אין געה אריין אין זיין צושטאנד. בעטראכט נור: דער וואָס האָט פערפאסט דיא „קרייצער סאָנאטא“, צום ביי־שפּיעל,—בעטהאָווען—האָט דאָך געוואוסט, וואָרום ער געפינט זיך אין אזא צושטאנד; דיעזער צושטאנד זיינעד האָט איהם געפיהרט צו געוויסע טהאטען, און דעריבער האָט דאָס פאר איהם געהאט א זינן. פאר מיר אָבער האָט אזא גייסטיגער צושטאנד קיין זינן ניט. דעריבער רייצט דיעזע מוזיק מיר בלויז אויף; זיא צורייצט מיר און ענדיגט ניט. אָט שפּיעלט מען אויף, א מיליטער מארש, צום ביישפּיעל. דיא סאָלדאטען

מאַרשירען זיך דורך און א סוף—דיא מוזיק האָט עררייכט איהר צוועק. אַלץ איז געענדיגט. דאָס זעלבע איז מיט טאַנץ־מוזיק: מען שפּיעלט און מען טאַנצט זיך אויס, און מען איז בערוהיגט. דאָס זעלבע איז מיט א רעליגיעזען נגון, ווען מען איז אין דער קירכע און מען מאַכט דערביי דורך א רע־ליגיעזע צערעמאָניע. אזוי אָבער בלייבט בלויז דיא צוריי־צונג, וועלכע מען בעקומט פון דער מוזיק. דאָס אָבער, וואָס מען דאַרף טהאָן אום דעם רייץ צו בערוהיגען, דאָס פעהלט. אָט דעריבער האָט דיא מוזיק דאָס אזא שרעקליכע ווירקונג! אין כינא איז דיא מוזיק א רעגיערונגס־זאַך, און אזוי האָט טאַקי בעדאַרפט זיין. קען מען דען ערלויבען, אז יעדער וואָס וויל, זאָל קענען היפּנאָטיזירען מענשען, — זיי פער־כשוף'ען און דערנאָך מיט זיי טהאָן וואָס ער וויל? דיא הויפּט־זאַך איז, וואָס אויף אזא אַרט היפּנאָטיזירען קען אייך יעדער אונבעקאַנטער נפש, יעדער אויסוואורף....

און אין וועמעס הענט איז דיעזע שרעקליכע מאַכט פון מוזיק אריינגעפאַללען? נעהמט צום ביישפּיעל דעם אָנפאַנג פון דער „קרייצער סאָנאַטאַ". האָט דאָס דען א זינן וואָס מען שפּיעלט אזא זאָרט מוזיק אין א זאַאַל, פאר דעקאָלטירטע דאַ־מען? שפּיעלען דאָס, אפּלאָדירען, עסען אייז־קרים און שמועס'ען וועגען דער לעצטער נייעס, וועגען דער לעצטער פּלאָטקע פון שטאָדט?... ניין, אזעלכע זאכען קענען בלויז גע־שפּיעלט ווערען ביי בעשטימטע וויכטיגע אומשטענדען; בלויז דאַן האָט דאָס א זינן צו שפּיעלען, ווען מען דאַרף טהאָן געוויסע זאכען, וועלכע פּאַסען זיך צו דיעזער מוזיק. אויפ־שפּיעלען דיעזע סאָנאַטאַ און טהאָן דאָס וואָס פּאַסט זיך צו איהר — אָט דאָס וואָלט געהאַט א זינן; אָבער דורך מוזיק ארויסרופען אין א מענשען ענערגיע און געפיהלען, וועלכע ער קען ניט אַרויסווייזען, ענערגיע און געפיהלען וועלכע ער מוז דערשטיקען אין זיך — אזעלכעס ארויס־צו־רופען אין א ניט־פּאַסענדען אָרט — דאָס, זאָג איך, מוז האָבען א זעהר שעדלי־

בעווירקונג. אויף מיר וויינינגסטענס האָט דאָס שפּיעלען פון דער „קרייצער סאָנאַטאַ" געהאַט אַ שרעקליכע ווירקונג. פאַר מיר זיינען ענטדעקט געוואָרען גאַנץ נייע געפיהלען; עס האָט זיך מיר געדוכט, אַז איך זעה אין זיך גאַנץ נייע פעהיג־קייטען, גאַנץ נייע מעגליכקייטען, וועגען וועלכע מיר האָט זיך פריהער קיין מאָל ניט גע'חלום'ט. אַלץ האָט פּלוצלונג מיר עפּעס אויסגעוויעזען אַנדערש וויא פריהער; אַלץ איז גע־וואָרען גאָר ניט וויא איך האָב פריהער געלעבט און געדיינקט, — אַזוי האָט אין מיר גערעדט מיין נשמה... און אין וואָס איז בעשטאַנען דיעזער נייעס, וועלכען איך האָב פּלוצלונג דער־זעהן? בעשטימט'ען דאָס, ערקלעהרען, וואָלט איך ניט גע־קענט; אָבער צו פיהלען אַז איך געפין זיך אין דיעזען נייעם צושטאַנד, וועלכען דיא מוזיק האָט אין מיר ארויסגערופען — דאָס איז מיר געוועזען זעהר אַנגענעהם. דיא זעלבע פּערזאָנען, — אַלע געסט, און מיין פרוי און ער, דער מוזיקער, אויך—אַלע האָבען זיי מיר אויסגעוויעזען גאַנץ אַנדערש וויא פריהער. מיט אַ נייעם מין שיין זיינען זיי פאַר מיר פּלוצלונג בעלויכ־טען געוואָרען.

זיי האָבען געשפּיעלט דיא אַנדערע טהיילען פון דער „קרייצער סאָנאַטאַ"; און דערנאָך האָבען זיי, אויף דער בי־טע פון אונזערע געסט, געשפּיעלט ערנסט'ס טרויער־נגון און פערשיעדענע אַנדערע זאַכען. דאָס אַלץ איז אויך געוועזען גוט; עס האָט אָבער אויף מיר ניט געמאַכט קיין הונדערטע טהייל פון דעם איינדרוק, וועלכען איך האָב בעקומען פון דער ער־שטער טהייל פון דער „קרייצער סאָנאַטאַ".

מיר איז אַ גאַנצען אָבענד געווען גרינג אויף'ן הארצען, פריילעך. וואָס אַנבעטרעפט מיין פרוי, האָב איך איהר קיין מאָל ניט געזעהן אַזאַ, וויא זיא איז געווען יענעם אָבענד. איהרע בליסטשענדע אויגען, ווען זיי האָבען געשפּיעלט, איהר שטריינגע, וואַזשנע מינע דערביי; היינט איהר ווייכקייט, עפּעס אַזוי וויא צוקראַכענקייט נאָך'ן שפּיעלען, איהר שוואַכינ־

קער, נעבעך׳דיגער, גליקליכער שמייכעלע, ווען זיי האָבען גע־ענדיגט!... דאָס אַלץ האָב איך בעמערקט... איך האָב דאָס באמערקט ; דאן אָבער האָט דאָס מיר ניט געאארט. איך האָב זיך געקלעהרט, אז מסתמא פיהלט זיא דאָס זעלבע וואָס איך פיהל פון זייער שפּיעלען, און ווייטער גאָר ניט. איך האָב געמיינט, אז איהר האָבען זיך אויך אויפגעעפענט נייע געפיה־לען, אזוי וויא מיר....

דיא אונטערהאַלטונג איז אָבגעגאנגען גלאַט. און אַלע זיי־נען זיך צופאָהרען.

טרוכאטשעווסקי האָט געוואוסט, אז איך דארף מאָרגען פאָהרען אין אויעזד אויף א צוזאמענפאָהר פון פריצים, און ביי׳ן זעגענען זיך מיט מיר האָט ער געזאָגט, אז ער האָפט דעם נעכסטען מאָל, ווען ער וועט קומען נאָך מאָסקווע, ווידער צו האָבען אזא פערגניגען וויא ער האָט געהאט דיעזען מאָל. פון דיעזע ווערטער זיינע איז געווען צו דרינגען, אז אין דער צייט ווען איך וועל ניט זיין אין דער היים וויל ער אונזער הויז ניט בעזוכען, און דאָס איז מיר זעהר אנגענעהם געווען.

עס האָט געהייסען, אז אזוי וויא איך פאָהר אוועק אויף עטליכע טעג און אזוי וויא ער קלייבט זיך אוועק־צו־פאָהרען פון רוסלאנד, וועל איך זיך מיט איהם שוין מעהר איבער־הויפּט ניט זעהן.

צום ערשטען מאָל האָב איך איהם געדריקט דיא האנט מיט א׳ן אמת׳ן פערגניגען. מיט מיין פרוי האָט ער זיך אויך געזעגענט אויף אימער ; און זייער זעגענען זיך איז דאכט זיך געווען אזוי נאַטירליך, אזוי אַנשטענדיג. אַלץ איז אַלזאָ געווען וויא מען דארף בעסער ניט. מירביידע — איך און מיין פרוי — זיינען מיט דער אונטערהאַלטונג געווען העכסט צופריעדען.

.24

— אין אַ פּאָר טעג אַרום בין איך אָוועקגעפאָהרען אין אויעזד. איך בין אָוועקגעפאָהרען אין דעם בעסטען מוטה, און האָב זיך געזעגענט מיט מיין פרוי.

אין דער אויעזד־שטאָדט האָב איך אימער געהאַט אַ סך אַרבייט. און דאָרטען איז פאַר מיר געווען אַ גאַנץ בעזונדערער זאָרט לעבען, אַ גאַנץ בעזונדערע וועלטעלע. צוויי טעג האָב איך פערבראַכט צו צעהן שטונדען נאָכאַנאַנד ביי דעם צוזאַמענפאָהר. אויף'ן דריטען טאָג האָט מען מיר אַהין געבראַכט אַ בריעף פון מיין פרוי. איך האָב איהם איבערגעלעזען אויף'ן שטעלל.

זיא האָט געשריעבען וועגען דיא קינדער, וועגען איהר אָנקעל, וועגען דער ניאַנקע, און צווישען אַנדערעס, ריידענדיג וויא מען רעדט וועגען אַ גאַנץ געוועהנליכע זאַך, האָט זיא דערמאָנט, אַז טרוכאַטשעווסקי איז געווען, אַז ער האָט איהר געבראַכט דיא נאָטען וואָס ער האָט איהר צוגעזאָגט, און פאַרשפּראָכען וויעדער מיט איהר צו שפּיעלען, אָבער אַז זיא האָט זיך ענטזאַגט.

אַז ער האָט איהר פאַרשפּראָכען נאָטען, האָב איך ניט געדיינקט. מיר האָט זיך געדוכט אַז ער האָט זיך דאַן געזעגענט אין גאַנצען, שוין מעהר ניט צו קומען, און דעריבער האָט דאָס אויף מיר געמאַכט זעהר אַן אונאַנגענעהמען איינדרוק. איך בין אָבער געווען אַזוי פערנומען ביי דעם צוזאַמענפאָהר און מיט אַנדערע זאַכען, אַז עס איז פּראָסט קיין צייט ניט געווען אַ טראַכט צו טהאָן, און ערשט אין אָבענד, ווען איך בין געקומען אין מיין האָטעל, האָב איך דעם בריעף איבער־געלעזען נאָך אַ מאָל.

דאָס וואָס טרוכאַטשעווסקי איז געווען ביי אונז אין שטוב נאָך מיין אָוועקפאָהרען איז ניט געווען דאָס איינציגע וואָס האָט אויף מיר אַן אונאַנגענעהמען איינדרוק געמאַכט. דער גאַנצער טאָן פון דעם בריעף איז מיר ניט געפעלען גע־

וואָרען. ער האָט מיר אויסגעוויעזען געמאַכט, ניט נאַטירליך, עפּעס אזוי וויא זיא וואָלט דאָ זיך סטארען צו פארגלעטען עפּעס. דיא צווישעטע אייפערזוכטס־חיה האָט אין מיר גענומען שרייען אויף איהר ווילדען קול; זיא האָט זיך געריסען ארויס־צו־שפּרינגען פון איהר קעמערעל; אָבער איך האָב פאר דיעזע חיה געציטערט און האָב איהר פארשפּארט אינע־ווייניג. „וואָס פאר א עקעלהאַפטע געפיהל דיעזע אייפער־זוכט איז דאָס!“ — האָב איך צו זיך געזאָגט — „וואָס קען דאכט זיך זיין נאַטירליכער וויא דאָס וואָס זיא שרייבט?“

איך האָב זיך געלעגט שלאָפען אין ליעגענדיג האָב איך געטראַכט וועגען דיא געשעפטען, וועלכע איך האָב מאָרגען צו בעזארגען. געוועהנליך, ווען איך פּלעג זיין אויף א צוזא־מענפאהר אין אויעזד, פּלעגט זיך מיר ניט שלאָפען, ווי דער שטייגער איז, ווען עס קומט אוים צו נעכטיגען אין א פּלאַץ, צו וועלכען מען איז ניט צוגעוואוינט. דיזען מאָל בין איך אָבער גלייך אנשלאָפען געוואָרען.

עס טרעפט אָפט, אז אין רעכטען מיטען שלאָף כאפּט מען זיך פּלוצלינג אויף, עפּעס אזוי ווי פון אן עלעק־טרישען שטוים; אזוי האָב איך זיך דאָ אויפגעכאַפּט, און מיין ערשטער געדאנק דערביי איז געוועזן וועגען איהר, וועגען מיין קערפּערליכע ליעבע צו איהר און וועגען טרוכאטשעווסקי׳ן, און וועגען דעם, דאָס צווישען זיי איז שוין אלץ פארגעקומען. א שרעק און א ווילדער כעס האָט מיר צוזאמענגעדריקט דאָס הארץ. איך האָב אבער מיט זיך אנגעהויבען צו טענה׳ען. „נארישקייטען! — האָב איך צו זיך געזאגט — עס איז ניטא קיין שום אורזאכע חושד צו זיין. צווישען זיי איז גאר ניט פארגעקומען און קומט ניט פאר. וואס פאר א זינן האָט דאָס, וואס איך ערנידעריג אי זיך אי מיין פרוי מיט אזא סארט השערדאכט? סט׳געהערט וועגען וועמען איך קלעהר דאָ! עפּעס א כלי־זמר׳על, וועלכער איז בעקאנט אלס א נידעריגע בעשעפעניש... מיט איהם וועט האָבען אן עסק א העכט אנ־

שטענדיגע, גנעאכטעטע פרוי, א מוטער פון קינדער, מיין פרוי וועט מיט איהם האָבען אַ'ן עסק!... א משוגעת כלע־בען!" אזוי האָט זיך דאָס מיר פארגעשטעלט פון איין זייט. פון דער אנדערער זייט אבער האָט זיך דאָס מיר פארגעשטעלט אזוי: „און פאר וואס זאלען זיי ניט האָבען קיין עסק? פאר וואס זאל צווישען זיי ניט פּאסירען יענע געוועהנליכע און גאנץ נאטירליכע זאך, צוליעב וועלכע איך האָב מיט איהר געהייראט און צוליעב וועלכע איך לעב מיט איהר? דאָס איז דאָך דיא איינציגע זאך, וואָס איך דארף פון איהר האָבען, און דאָס זעלבע דארפען פון איהר האָבען אנדערע מענער, און דיעזער מוזיקער אויך. ער איז ניט קיין פערהייראטער; ער איז געזונט (דערביי האָב איך זיך עראינערט וויא צווישען זיי־נע ציין האָט געכראָמסקעט דער ווייכער ביין פון א קאָטלעט, ווען ער האָט ביי אונז געגעסען, און וויא זשעדנע ער נעהמט זיך מיט זיינע רויטע ליפּען פאר א גלאָז וויין); ער איז א זאטינקער, א גלאטינַקער, און ער איז ניט נור פריי פון פּרינציפּען, נור ער האָט א פּרינציפּ צו געניסען יעדען פערגניגען, וואס עס מאכט זיך איהם. און דערצו נאָך איז צווישען איהם און מיין פרוי פאראן דער פערבאנד פון מוזיק, פון דעם דעליקאטסטען און טיעפסטען זאָרט תאוה־געפיהל. וואָס זשע וועט איהם דאָ אפּהאלטען? און ווער איז זיא אייגענטליך? זיא איז פאר מיר געוועזען א געהיימניס און זיא בלייבט פאר מיר ־ א גע־היימניס. איך קען דאָך איהר גאר ניט; איך קען איהר בלויז אלס א טהיער, און א טהיער קען דאָך קיין זאך ניט צוריק־האַלטען".

איצט ערשט האָב איך זיך דערמאָנט וויא זייערע גע־זיכטען האָבען אויסגעזעהן יענעם אבענד, ווען נאָך דער „קרייצער סאנאטא" האָבען זיי אויפגעשפּיעלט עפּעס א ליידענשאפטליכען נגון; איך געדיינק ניט וועמעס זאך דאָס איז געווען. איך געדיינק נור, אז עס איז געווען אזוי פולל מיט תאוה, אז עס איז פּראסט אונאנשטענדיג אזא זאך צו שפּיע־

לען. „גוואַלט, וויא האָב איך דאָס געקענט אוועקפאָהרען?"
— האָב איך צו זיך געזאגט, דערמאָנענדיג זיך וויא זייערע פּנים'ער האָבען דאַן אויסגעזעהן — „צו דען איז ניט געוועזן קלאָהר וויא דער טאג, אז צווישען זיי איז יענעם אבענד שוין אַלץ פארטיג געוואָרען? צי דען איז דאַן ניט דייטליך געוועזן, אז עס איז שוין צווישען זיי ניטאָ קיין צאָם, קיין שטערונג, און אז זיא האָט א שעמעדיגען אויס־זעהן צוליעב דעם, וואָס צווישען זיי האָט דאָ פּאַסירט?" איך געדיינק וויא זיא האָט א שוואכען שמייכעל געטהאָן, א שמייכעל פון תענוג, אפּווישענדיג די שוויים פון איהר רויט־געוואָרענע געזיכט, ווען איך בין צוגעגאנגען צו דער פּיאנא. דאַן האָבען זיי שוין אויסגעמיעדען צו קוקען איינער אויף דעם אנדערען; ערשט שפּעטער, ביי'ן עסען, ווען ער האָט איהר אָנגעגאָסען א גלאַז וואסער, האָבען זיי זיך באגעגענט מיט דיא אויגען, און האָבען קוים א שמייכעל געטהאָן.
א שרעק האָט מיר אָנגענומען איצט, ווען איך האָב זיך דערמאָנט אָן דיעזען בליק זייערען, וועלכען איך האָב דאַן געכאפּט, זיצענדיג מיט די געסט ביי'ן טיש. „יא, צווישען זיי איז אַלץ געענדיגט" — האָט צו מיר געזאָגט איין שטימע; אָבער גלייך האָט זיך אָן אנדער שטימע אבגערופען, פּונקט פּארקעהרט: „א משוגענער געדאנק איז צו דיר אריינגעקראָ־כען! עס איז אונמעגליך!" — אזוי האָט גע'טענה'ט דיעזע אנדערע שטימע. עס איז מיר שווער און עקעלהאפט געוואָרען צו ליגען אין דער פינסטער; איך האָב אנגעצונדען א שוועבעלע, און דאַן איז מיר שרעקליך געוואָרען צו זיין אין דיעזען קליינינקען צימעריל מיט געלע אביצעס אויף די ווענט. וויא דאָס איז אימער, ווען מען פּלאָנטערט זיך אין פּארקעהרטע געדאנקען און ווידערשפּריכע, פון וועלכע מען קען ניט ארויסקריכען, — האָב איך גערויכערט איין פּאפּיראָס נאָך דעם אנדערען, אום צו פאר'שכור'ן דעם מוח כדי ניט צו זעהן די ווידערשפּריכע.

איך האָב די גאַנצע נאַכט שוין ניט געקענט אַנשלאָפען ווערען, און ווען עס איז שוין געוואָרען פינף אוהר, בין איך אין גאַנצען אויפגעשטאַנען; איך האָב זיך בעשלאָסען צו פאהרען א היים און האָב אויפגעוועקט דעם סטראָזש, וואס האָט מיר באַדיענט, און איהם געשיקט באַשטעלען פערד. צו דעם צוזאַמענפאָהר האָב איך געשיקט א צעטעלע, אַז צוליעב אַן אונערוואַרטעטע סבה מוז איך גלייך פאהרען נאָך מאָסקווע, און אַז אַן אַנדער מיטגליעד זאָל פאַרנעהמען מיין פּלאַץ. אום אַכט אוהר האָב איך זיך געזעצט אויף א פוהר און בין אוועקגעפאהרען.

.25

עס איז אריין דער קאַנדוקטאָר, און דערזעהענדיג וויא דיא ליכט האַלט ביי'ן אויסגעהן האָט ער איהר פאַרלאָשען. קיין אַנדערע האָט ער ניט אָנגעצונדען. עס האָט שוין גענומען טאָגען. פּאָזדנישעוו האָט געשוויגען און שווער געאָטעמט. ער האָט געוואַרט אַז דער קאַנדוקטאָר זאָל ארויסגעהן פון אונזער וואַגאָן. ווען דער קאַנדוקטאָר איז ארויס, און אין ז'עם האַלב־פינסטער' וואַגאָן האָט זיך בלויז געהערט דעם פּוי־קאַסטשיק'ס כ פּעריי און דיא בראַזגעריי פון די פענסטער, וועלכע האָבען [illegible]יך געטרייסעלט פון דעם צוג'ס בעוועגונג, האָט ער ווידער אָנגעהויבען צו דערציילען. עס איז געווען אַזוי דונקעל, אַז איך האָב ניט געקענט זעהן; איך האָב בלויז געהערט זיין ליידענדע שטימע, וועלכע האָט געקלונגען אַלץ נערוועזער.

— פאהרען האָט מען געמוזט 35 וויארסט אויף א פוהר, און דערנאָך אַכט שטונדען מיט'ן אייזענבאהן. אויפ'ן פוהר צו פאהרען איז געווען א מחיה. עס איז געווען הערבסט־צייט; עס איז געווען א פרעסטיל און די זון האָט געשיינט העלל. איהר ווייסט דאָך וואס פאַר א פּאָגאָדא איך מיין — ווען די רעדער דרוקען זיך אָפּ אין דער פערפראָרענער בלאָ־טיגער וועג... די וועג איז גלאַט; עס איז ליכטיג; דיא לופט

מאַכט אייך קרעפטיג און מונטער. אין דער קאַרעטע איז גע־
ווען גוט צו פאָהרען; אַלזאָ, ווען עס איז שוין געווען פריה־
מאָרגען און איך בין אוועקגעפאָהרען, איז מיר געוואָרען
גרינגער אויפ'ן האַרצען. קוקענדיג אויף די פערד, אויף די
פעלדער, אויף די מענשען, וואָס זיינען פאַרביי מיר פאַרביי־
געפאָהרען אָדער פאַרביי־געגאַנגען, האָב איך אַלע ווײַלע זיך
גאָר פאַרגעסען וואוהין איך פאָר איצט. א פּאָר מאָל האָט זיך
מיר געדוכט, אַז איך פאָהר גלאַט אַזוי, און אַז אַלעס דאָס,
וואָס האָט מיר געצוואונגען פון העלער הויט אוועק־צו־פאָה־
רען פון אויעזד, — אַז דאָס אַלעס איז גאָר ניטאָ. איך האָב
פאַרגעסען מיין אַנגסט, און פון דעם איז מיר געווען זיס
אויפ'ן האַרצען. און ווען איך פלעג זיך דערמאָנען וואוהין איך
פאָהר, פלעג איך צו זיך זאָגען: „וועסט קומען אַהיים,
וועסטו זעהן וואָס דאָרטען איז, דערווייל קלעהר וועגען דעם
ניט".

אויפ'ן וועג האָט זיך געטראָפען אַ סיבה, וועלכע האָט
מיר פערהאַלטען און נאָך מעהר אָבגעצויגען מיינע געדאַנקען
פון דער היים: דיא קאַרעטע האָט זיך צובראָכען און מען
האָט איהר געמוזט פאַרריכטען. דיעזער צופאַל האָט געהאַט אַ
גרויסע בעדייטונג, ווייל צוליעב דעם בין איך אַנגעקומען אין
מאָסקווע ניט פינף אוהר, וויא איך האָב ערוואַרטעט, נור צוועלף
אוהר ביי נאַכט, און צו זיך אין שטוב בין איך געקומען אום
איינס אוהר. איך האָב פאַרשפּעטיגט דעם שנעלל־צוג און האָב
געמוזט פאָהרען מיט אַ געוועהנליכען צוג. מיר האָבען דיא קאַ־
רעטע צוגעבונדען צו אַ פויערשען וואָגען און געפאָהרען איהר
פאַרריכטען; איך האָב זיך בעדונגען, בעצאָהלט פאַר דער אַר־
בייט, געטרונקען טהעע אין אַ קרעטשמע, געשמועסט מיט
דעם סטראָזש; און דאָס האָט מיר נאָך מעהר ארויסגעשלאָ־
גען פון קאָפּ דיא פראַגע וועגען מיין פרוי. צו אבענד צו איז
אַלץ פאַרטיג געוואָרען. און איך בין ווייטער געפאָהרען. ביי־

נאכט איז נאָך אנגענעהמער געווען צו פאָהרען וויא ביי־טאָג. עס האָט געלויכטען „דער ערשטער פערטעל“ פון דער לבנה ; עס איז געווען אַ קליינער פרעסטעל ; דיא וועג איז אַלץ גע־ווען גוט ; דער בעל־העגלה איז געווען לוסטיג, און איך בין געזעסען און הנאה געהאַט און כמעט אין זינען ניט געהאַט וואָס מיר ערוואַרטעט אין דער היים ; אָדער אפשר האָב איך טאַקע דעריבער געהאַט אַזא הנאה פון מיין פאָהרען, ווייל איך האָב יע געוואוסט וואָס מיר ערוואַרטעט אין דער היים, און ווייל איך האָב זיך דאָ געזעגענט מיט דיא פערגניגענס וואָס דער לעבען ענטהאַלט אין זיך.

דיעזע רוהיגקייט מיינע, דאָס וואָס איך האָב געקענט אין זיך דערשטיקען מיין געפיהל — דאָס האָט זיך געענדיגט ווען עס האָט זיך געענדיגט מיין רייזע אין דער קאַרעטע. וויא נור איך בין אריין אין וואַגאָן, האָט זיך אָנגעהויבען אַ גאַנץ אַנדערע געשיכטע. דיא אַכט שטונדען, וואָס איך האָב פער־בראַכט אין דעם וואַגאָן, זיינען פאַר מיר געווען שרעקליך ; איך וועל זיי אויף'ן לעבען ניט פאַרגעסען. איז דאָס געווען דערפאַר, וואָס זיצענדיג אין דעם וואַגאָן, האָב איך זיך פאָר־געשטעלט, אַז אָט וועל איך שוין זיין אין דער היים ? אָדער איז דיא אורזאַכע געווען דאָס וואָס דער אייזען־באַהן צורייצט דיא נערווען ? איך ווייס בלויז, אַז פון דעם מאָמענט אָן, וואָס איך האָב זיך אַנידערגעזעצט אין וואַגאָן האב איך מיין מח שוין מעהר ניט געקענט קאָנטראָלירען ; ער האָט מיט אַ בעזונ־דערע העלקייט פאַר מיר גענומען מאָלען בילדער, וועלכע האָבען פאַרנאַנדער־געברענט מיין אייפערזוכט. אָהן אַן אויפהער האָט ער דאָס פאַר מיר געמאָהלען ; אַ בילד נאָך אַ בילד האָט ער מיר פאָרגעשטעלט, און אַלץ וועגען דאָס זעלבע, אַלץ וועגען דעם וואָס דאָרטען קומט פאָר, וויא זיא נאַרט מיר אָפּ. אַ פייער האָט מיר געברענט, אַ פייער פון כעס, פון אויפגעבראַכטקייט, און עפּעס אַזוי וויא פון אַ ווילדע הנאה, אַזוי וויא דיא שרעק־

ליבע יסורים מיט וועלכע איך האָב בעטראַכט דיעזע בילדער, וואָלטען מיר פערשאַפט א מין טייוועלשען תענוג; איך האָב זיך פון דיעזע בילדער פּראָסט ניט געקענט אָפּרייסען; איך האָב ניט אַנדערש געמוזט קוקען אויף זיי אין געדאַנק, איך האָב ניט געקענט זיי אָפּמעקען פון דאָרטען, איך האָב ניט ווי־לענדיג זיי געמוזט דאָרטען פארגאנדער־וויקלען. נאָך מעהר: וואָס לייגגער איך האָב געקוקט אויף דיעזע בילדער, וועלכע איך האָב זיך פאָרגעשטעלט, אַלץ מעהר האָב איך געגלויבט אין זייער ווירקליכקייט. דיא דייטליכקייט, מיט וועלכע זיי האבען זיך מיר געמאָלען, האָט מיר געדיעגט אַלס א מין בעוויין: אז דאָס וואָס איך שטעלל זיך פאָר, איז טאַקי אמת. אזוי וויא א טייוועל וואָלט געגען מיין ווילען אויסגעקלעהרט דיא שרעק־ליכסטע געדאנקען און מיר דאָס אַלץ אריינגעשושקעט אין אויער. איך האָב זיך דערמאָנט א געשפּרעך וואָס איך האָב מיט אַ לאנגע צייט צוריק געהאַט מיט טרובאטשעווסקי׳ם א ברודער און עפּעס אזוי וויא מיט א מין בעגייסטערונג האב איך דערמיט געריסען מיין הארץ אויף שטיקער, צופּאסענדיג דעם געשפּרעך צו טרובאטשעווסקי׳ן און מיין פרוי.

דאָס איז געווען מיט א לאנגע צייט צוריק; איך האָב זיך דאָס אָבער איצט דערמאָנט. מיר האָבען גערעדט וועגען אונאנשטענדיגע הייזער; און ווען איך האָב איהם, טרו־באטשעווסקי׳ם ברודער, געפרעגט, צו ער גייט אין אזעלכע הייזער, האָט ער געענטפערט, אז אן אנשטענדיגער מענש וועט אהין ניט גיין, ווייל מען קען באקומען א קראנקהייט, און אז א חוץ דעם איז דאָס שמוציג און עקעלהאַפט; און צו וואָס זאָל מען דאָס טהאָן, ווען מען קען געפינען אן אנשטענדיגע פרויענצימער? אזוי האָט געזאָגט יענער טרובאטשעווסקי, און איצט האָט זיין ברודער געפונען מיין פרוי... אמת זיא איז

שוין ניט קיין יונגינקע ; עס פעהלט איהר א זייטיגער צאָהן, און דיא געזיכט איז ביי איהר שוין ניט אזוי פריש, — שוין עטוואָס אזוי ווי צוגעשוואָלען ; וואָס קען מען אָבער מאכען? אַלץ וויא עס וואָלט זיך וועלען קען מען ניט האָבען ; מען מוז זיך בעגנוגענען מיט דעם וואָס מען האָט (אזוי האָב איך זיך געטראכט, פארשטעלענדיג זיך דעם מוזיקאנט'ס געדאנקען). יא, ער טהוט איהר א טובה, הייסט עס, וואָס ער נעהמט איהר פאר א ליובאָווניצע, האָב איך צו זיך געזאָגט. און קיין געפאהר איז מיט איהר דאָך ניטאָ.. ניין, עס איז אונמעגליך ! — האב איך מיט זיך גע'טענה'ט א צושראָקענער, אן ערשטוינטער. עס איז אַלץ ניט אמת. עס הייבט זיך אפילו ניט אָן ! זיא האט דאָך מיר אליין געזאָגט, אז אפילו דער געדאנק, דאס איך קען צו איהם זיין אייפערזיכטיג, איז א בעליידיגונג פאר איהר... יא, זיא מאכט זיך דאָס אָבער. זיא זאָגט א ליגען, אַלץ וואָס זיא זאָגט מיר איז ליגען ! — האָב איך אין הארצען ביי זיך אויסגעשריהען — און עס האָט זיך אָנגעפאנגען דיא זעלבע געשיכטע.... א חוץ מיר זיינען אין וואגאָן געווען צוויי פאסאזשירען, אן אַלטעטשקע מיט איהר מאַן ; ביידע האָבען זיי ניט געהאט קיין חשק צום שמועסען, און זיי זיינען אויך אויף א געוויסע סטאנציע ארויס פון וואגאָן, און איך בין געבליעבען איינער אַליין. אזוי וויא א חיה אין א שטייג בין איך געווען : דאָ בין איך אויפגעשפרונגען, און צוגעגאנגען צום פענסטער ; דאָ האָב איך גענומען גיין היז און צוריק, קוים איינהאַלטענדיג זיך אויף דיא פיס פון דעם צוג'ס האסטיגע בעוועגונג ; דערביי האָב איך זיך אזוי וויא געסטארעט צוצוטרייבען דעם וואגאָן, אז ער זאָל גיין גיכער. אָבער דער וואגאָן האָט זיך געטהאָן דאָס זייניגע און מיט זיינע ביינק און שויבען איז ער אַלץ אונטערגעשפרונגען אָט פונקט וויא דיעזער וואגאָן...

פּאזדנישעוו האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן פון זיין אָרט, האָט געשטעלט עטליכע טריט און האָט זיך צוריק אנידערגעזעצט.

— איך האָב מורא פאר דיעזע וואַגאָנעס פון דיא אייזען־באַהנען; איך זאָג אייך, איך האב איינפאַך מורא פאר זיי. אַ שרעק נעהמט מיר אָן; יא, עס איז שרעקליך — האָט ער פאָרטגעזעצט — מען דארף קלעהרען עפּעס וועגען אן אנדער זאך — האָב איך זיך געטראכט — אָט, למשל, וועגען דעם בעל הבית פון דעם טראקטיר, וואו איך האָב געטרונקען דיא טהעע. אָבער דערביי שטעלל איך זיך פאָר דעם סטראָזש מיט די לאַנגע באָרד און זיין אייניקעל,—אַ איינגעל וועלכער איז אין איין עלטער מיט מיין זוהן... מיין קינד! גוואַלד, ער זעהט ווי דער מוזיקאַנט קושט זיין מאַמע'ן... וואָס וועט ער זיך נעבעך קלעהרען דערביי? אָבער וואָס ארט דאָס איהר!... זיא איז פארליעבט... און פון דאָס נייע פאנגט זיך אָן אין מיר!... ניין, ניין... איך וועל בעסער טראַכטען וועגען עפּעס א'ן אַנדער זאַך, —אָט וועגען דעם, למשל, וויא מיר האָבען בע־קוקט דעם האָספּיטאַל... יא, וועגען דעם, וויא נעכטען האָט איינער פון דיא פּאַציענטען זיך בעקלאָגט אויף'ן דאָקטאָר. דער דאָקטאר האָט וואָנצעס, אַזעלכע וואָנצעס וויא ביי טרו־באַטשעווסקי'ן. מיט וואָס פאַר אַ חוצפה זיי האָבען דאָס מיר אָבגענאַרט, ווען ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער פאָהרט אַוועק!... און ווידער האָט זיך אין מיר אָנגעפאַנגען!... וועגען וואָס איך האָב נור געפּרופט טראַכטען, אַלץ האָט מיר ארויפגע־בראַכט אויף'ן זינגען דעם פידעל־שפּיעלער. איך האָב זיך גע־פּלאַגט אָהן אַ שיעור; און מיינע יסורים האָבען הויפּטזעכליך געשטאַמט פון דעם, וואָס איך צווייפעל, וואָס מיין געדאַנק איז צושפּאָלטען אויף צווייען — איין געדאַנק וועגען דעם, אַז זיי נאַרען מיר אָפּ און א'ן אַנדער געדאַנק, אַז איך בין זיי אומזיסט חושד. איך האָב ניט געוואוסט צו איך דארף מיין פרוי ליעבען, צי האַסען — אָט דעריבער האָב איך זיך דאָס

אזוי געמאַטערט! מיינע יסורים זיינען בעשטאַנען אין אַ מאָדנעם געפיהל און אין דעם, וואָס מיר איז עקעלהאַפט גע־ ווען צו דיינקען וועגען מיין ערניעדרונג און וועגען זיין זיעג איבער מיר; אָבער שרעקליכער פון אַלעם איז געווען מיין האַס צו איהר. „מאַכען אַ סוף פון זיך און איהר לאָזען צו רוה? ניין, זיא מוז אויך ליידען, כאָטש וויא פיעל עס איז. זאָל זיא כאָטש פערשטעהן וואָס פאַר אַ יסורים זיא האָט מיר פערשאַפט" — האָב איך צו זיך געזאָגט.

אויף יעדער סטאַנציע בין איך אַרויס, כדי זיך אַרויסצו־ שלאָגען דיעזע געדאַנקען פון קאָפּ. אויף איין סטאַנציע האָב איך ביי'ן בופעט געזעהען וויא מען טרינקט, האָב איך אויך זיך געהייסען געבען אַ גלעזעל בראַנפען. לעבען מיר איז גע־ שטאַנען אַ איד און אויך געטרונקען. ער האָט גענומען צו מיר ריידען, און אום ניט צו זיין איינער אַליין אין מיין וואַ־ גאָן, בין איך מיט איהם אַריין אין זיין וואַגאָן, כאָטש ער איז געפאָהרען מיט'ן דריטען קלאַס און דאָרטען איז געווען שמו־ ציג, אָנגערויכערט, און אָנגעוואָרפען מיט דיא שאָלעכץ פון סעמעטשקעס. דאָרטען האָב איך זיך געזעצט לעבען איהם. און ער האָט אָנגעפאַנגען צו ריידען, צו דערצעהלען מעשיות. איך האָב זיך צוגעהערט, אָבער פערשטעהן וואָס ער זאָגט האָב איך ניט געקענט, ווארים ביי מיר אין קאָפּ האָבען זיך אַלץ געדרעהט מיינע געדאַנקען. ער האָט דאָס בעמערקט און ער האָט געפאָדערט אז איך זאָל זיך צוהערען צו זיינע רייד, — בין איך אויפגעשטאַנען און צוריק אַריין אין מיין וואַגאָן. „מען מוז בעטראַכטען — האָב איך צו זיך געזאָגט — מען מוז בעטראַכטען צו דאָס, וואָס איך דיינק איז אמת און צו האָב איך פון וואָס זיך דעם לעבען צו נעהמען". איך האָב זיך אוועקגעזעצט אין מיין וואַגאָן, מיט דעם צוועק אַלץ רוהיג צו בעטראַכטען, אָבער אַנשטאַט דעם האָט זיך אין מיר גלייך אָנגעפאַנגען דאָס זעלבע וויא פריהער: אַנשטאַט רוהיגע

געדאַנקען האָב איך פאר זיך געזעהן בילדער, סצענעס, איך האָב מיט זיך גע׳טענה׳ט: „וויא פיעל מאָל האָב איך זיך שוין געמאַטערט אויף דיעזען אָרט, און יעדעס מאָל האָט זיך אויס־געלאָזען, אַז עס איז גאָר נישט מיט גאָר נישט. אַזוי איז מסתמא איצט אויך. עס קען זיין, ניין, עס איז זיכער, אַז איך וועל איהר געפינען רוהיג שלאָפענדיג. זיא וועט זיך אויפכאַפּען, זיך דערפרייהען וואָס איך בין געקומען, און נאָך איהרע רייד נאָך און נאָך אַלץ וואָס זיא וועט טהאָן וועל איך פיהלען, אַז עס איז קיין זאַך ניט געוועזן, אַז עס הויבט זיך גאָר ניט אָן! אוי, וויא גוט דאָס וואָלט געוועזן!“... „אָבער ניין, אַזוי האָט זיך דאָס שוין געענדיגט צו אָפט: איצט אָבער וועט שוין דאָס אַזוי זיך ניט ענדיגען“ — האָט צו מיר גע־רעדט אַ שטימע, און ווידער האָט זיך אָנגעפאַנגען דיא גע־שיכטע.

אָט אין דעם איז דאָס בעשטאַנען מיין מאַטערניס, מיין שטראָף. ווען מען זאָל ביי מיר פרעגען, וואָס צו טהאָן, אום אָבצוטרייבען ביי אַ יונגען מאַן זיין חשק צו אַ פרויען־צימער, וואָלט איך איהם דאַן ניט געפיהרט אין אַ האָספּיטאַל צו ווייזען דיא פּאַציענטען, וואָס זיינען קראַנק אויף סיפילים, נור איך וואָלט איהם לאָזען אַריינקוקען אין מיין נשמה. זאָל ער זעהן דיא טייוואָלים, וועלכע צורייסען איהר אויף שטיקער! דאָס וואָלט אויף איהם אַ פיעל גרעסערע שרעק אַרויפגעבראַכט. איך האָב זיך געהאַלטען פאַר דעם איינציגען בעל הבית איבער מיין פרוי׳ס קערפּער; איך בין געוועזן איבערצייגט אַז מיין רעכט אויף איהר קערפּער איז אַ פאָלשטענדיגע, אַז וועגען דעם קען קיין שום צווייפעל ניט זיין. איהר לייב בעלאַנגט צו מיר און צו קיין אַנדערן ניט, פונקט וויא מיין אייגענע לייב; מיט דיעזען געדאַנק בין איך געוועזן דורכגעדרונגען; און דאָך האָב איך געפיהלט, אַז הער־שען איבער דיעזע לייב איהרע קען איך ניט; איך האָב גע־

פיהלט אַז עס איז ניט מיינע, — אַז זיא קען מיט איהר פלייש טהאָן וויא זיא וויל, און אַז טהאָן וויל זיא מיט דעם גראַד ניט דאָס וואָס איך וויל. אָט אין דעם איז בעשטאַנען מייז שרעקליכער פיין! איך קען גאָר ניט טהאָן, ניט איהר, ניט טרוכאַטשעווסקי'ן. אויב זיא האָט נאָך ניט געזינדיגט, נור זיא וויל זינדיגען (און אַז זיא וויל, ווייס איך), — דאַן איז נאָך ערגער. בעסער וואָלט זיא שוין אַלץ אָבגעטאָהן, נור איך זאָל וויסען; צו צווייפלען איז פיעל ערגער.

אייגענטליך, וואָלט מיר שווער געווען צו זאָגען וואָס איך וויל דאָ. בעטראַכט נור: מיר האָט זיך געוועלט, אַז זיא זאָל ניט וועלען דאָס וואָס זיא האָט געמוזט וועלען. א'ן אמת'ע משוגעת, כ'לעבען.

## קאַפּיטעל 26.

— עס איז שוין געבליעבען בלויז איין סטאַנציע — האָט פּאָזדנישעוו ווייטער דערצעהלט. — דער קאָנדוקטאָר איז אַריינגעקומען אָפּנעהמען דיא בילעטען. איך האָב צונויפגענומען מיינע זאַכען און בין אַרויס אויף דער פּלאַטפּאָרמעטשקע פון מיין וואַגאָן. דער געפיהל, אַז איך בין שוין באַלד אין דער היים, אַז אָט אָט וועל איך זעהן, צו איך האָב א'ן אורזאַכע חושד צו זיין צו ניט, — דיעזער געפיהל האָט מיין אויפרעגונג נאָך גרעסער געמאַכט. עס איז מיר געוואָרען קאַלט און איך האָב גענומען אַזוי ציטערען, אַז עס האָט מיר געקלאַפּט א צאָהן אָן א צאָהן. ווען דער צוג איז אָנגעקומען אין מאָסקווע, בין איך צוזאַמען מיט'ן עולם אַרויס פון וואַקזאַל, גענומען א איזוואָסטשיק און אַוועקגעפאָהרען. פאָהרענדיג האָב איך געקוקט אויף דיא עטליכע פאַרבייגעהער, וואָס מיר האָבען באַגעגענט אויפ'ן וועג, אויף דיא סטראָזשען ביי דיא טויערס, אויף דיא שאָטענס, וועלכע האָבען זיך געצויגען פון דיא לאַנטערנעס און פון מיין דראָזשקע; דאָ

האָבען זיי זיך געצויגען פון פאָרענט, דאָ פון הינטען. אויף דאָס אַלעס האָב איך געקוקט, און וועגען קיין זאַך ניט געטראַכט. ווען איך בין אָבגעפאָהרען ביי אַ האַלב ווערסט, איז מיר קאַלט געוואָרען אין דיא פיס, און איך האָב זיך דער־מאָהנט, אַז זייענדיג אין וואַגאָן האָב איך אויסגעטהאָן מיינע וואָלענע זאָקען און זיי אַריינגעלייגט אין מיין רייזען־זאַק... וואו איז ער דער רייזען־זאַק? ליעגט ער דאָ? יא, ער איז דאָ. און דיא קאָרב וואו איז? דאָ האָב איך זיך דער־מאָהנט, אַז איך האָב זיך גאָר פערגעסען אָפצונעהמען מיין באַגאַזש, אָבער אָנטאַפענדיג מיין קוויטאַנציע, האָב איך בע־שלאָסען, אַז צוליעב דעם צו פאָהרען צוריק אויף'ן וואָקזאַל לוינט זיך ניט; און איך בין ווייטער געפאָהרען.

וויא פיעל איך סטאַרע זיך איצט ניט צו דערמאָנען זיך מיין דאַמאָלסדיגען צושטאַנד—וואָס איך האָב געקלעהרט, וואָס איך האָב געוועלט — קען איך זיך דאָס בשום אופן זיך ניט דערמאָנען. איך געדיינק נור, דאָס איך האָב געפיהלט, אַז באַלד וועט פאָרקומען עפּעס שרעקליכעס, עפּעס אַזעלכעס, וואָס וועט שפּיעלען אַ זעהר וויכטיגע ראָלע אין מיין לעבען. האָט דיעזע וויכטיגע זאַך נאַכהער געטראָפען טאַקי דערפאַר ווייל איך האָב פריהער געהאַט אַזעלכע געדאַנקען אָדער ווייל דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס וועט פּאַססירען? איך וויים ניט. עס איז מעגליך, אַז ערשט נאָך דעם וויא דאָס האָט שוין פּאַססירט, האָבען דיא אַלע פריהערדיגע מינוטען אין מיינע עררינערונגען זיך מיר פאָרגעשטעלט אין דונקעלע פאַרבען.

איך בין צוגעפאָהרען צו מיין הויז. עס איז שוין געווען איינס אוהר. לעבען מיין וואויהנונג זיינען געשטאַנען עט־ליכע איזוואָסטשיקעס. אויבען איז אין עטליכע פענסטער געווען ליכטיג; דעריבער האָבען זיי גערעכענט, אַז עס זיינען פאַראַן געסט, און אַז נאָך דער אונטערהאַלטונג וועט מען זיי

נעהמען אויף צו פאָהרען אהיים. דיא ליכטיגע פענסטער זיינען געוועזן אונזער גאַסט־צימער און זאאל. איך האָב ביי זיך ניט געפרעגט קיין קשיות, פאר וואָס דאָרטען איז אזוי שפּעט ליכטיג. איך האָב זיך אָבער אַלץ געפונען אין דעם זעלבען צו־שטאַנד: איך האָב אַלץ ערוואַרט עפּעס שרעקליכעס; און אין דיעזען צושטאנד בין איך ארויף אויף דיא טרעפּלעך און האָב אָנגעקלונגען. יעגאָר, אונזער גוט־הערציגער, ארבייט־זאמער, נארישער לאַקיי, האָט מיר געעפענט דיא טיהר. דאָס ערשטע וואָס איך האָב דערזעהן, איז געוועזן, אַז אין דעם פאָ־דער־צימער, לעבען עפּעס א׳ן אנדער בגד, הייננט טרוכאַ־טשעווסקי׳ס מאנטעל. דאכט זיך איך האָב בעדאַרפט איבער־ראַשט ווערען; איך בין אָבער ניט איבערראַשט געוואָרען, וואָרים איך האָב דאָס ערוואַרטעט. „אזוי איז דאָס טאַקי"— האָב איך צו זיך געזאָגט. ווען איך האָב יעגאָר׳ען געפרעגט ווער עס איז דאָ ביי אונז, האָט ער מיר געענטפערט, אַז טרוכאַטשעווסקי; און ווען איך האָב איהם געפרעגט, אויב עס איז דאָ נאָך אימיצער, האָט ער געזאָגט: „ווייטער קיינער ניט". איך געדיינק, אַז ער האָט דאָס געזאָגט מיט אזא טאָן, אזוי וויא ער וואָלט מיר מיט דעם אָנגעזאָגט אַ גוטע בשורה,—אַז קיינער איז ניטאָ אויסער טרוכאַטשעווסקי׳ן. „אזוי איז דאָס, וויא איך האָב ערוואַרט. פונקט וויא איך האָב פאָראויס־געזאָגט"—האָב איך זיך געטראַכט. „און וואָס מאַכען דיא קינדער?" — האָב איך געפרעגט. „געזונט, גאָט צו דאַנקען" — האָב יעגאָר געענטפערט. „זיי שלאָפען שוין לאַנג"...

עס איז מיר שווער געוועזן אָפּצוציהען דעם אָטהעם, און עס האָט מיר ניט אויפגעהערט צו קלאַפּען אַ צאָהן אָן אַ צאָהן פון אויפרעגונג. „עס איז אַלזאָ טאַקי ניט וויא איך האָב געמיינט, ווען איך האָב זיך געטרייסט" — האָב איך זיך געקלעהרט — „איך האָב זיך געטרייסט מיט דעם, אַז איך

האָב שוין וויא פיעל מאָל חושד געוועזן און עס האָט זיך אַלץ אויסגעלאָזען אַ טעות. נו, אָט איז ענדליך שוין ניט וויא אַלע מאָל! עס איז שוין קיין טעות ניט! אָט איז אַלץ טאַקי וויא איך האָב חושד געוועזן; דאָס וואָס איך האָב געמיינט, אַז מיר דוכט זיך נור, איז אויסגעקומען אין אמת׳ן. אָט איז דאָס...״

איך האָב שיער זיך ניט צואוויינט; אָבער גלייך האָט דער טייוועל צו מיר זיך אָבגערופען: „דו וועסט דאָ וויינען, נאָכגעבען דיינע געפיהלען וויא אַ פרוי, און זיי וועלען דערוויילע זיך צוגעהן; וועסט ניט האָבען קיין בעווייזע, און דעם גאַנצען לעבען וועסטו אַלץ צווייפלען און מאַטערען זיך״. און גלייך איז פערשוואונדען דער רחמנות, וואָס איך האָב געפיהלט אויף זיך אַליין, און עס האָט זיך אין מיר בעוויעזען אַ מאָדנער געפיהל פון פרייד; איך האָב זיך געפרייט וואָס ענדליך וועט נעהמען אַ סוף צו מיינע יסורים,— אַז איך וועל זיך מיט איהר אָברעכענען, אַז איך קען פון איהר פּטור ווערען, אַז איך קען נאָכגעבען מיין צאָרען; אָבלאָזען דיא לייצעס. און איך האָב דיא לייצעס אָבגעלאָזען. אַ ווילדע חיה בין איך געוואָרען, אַ בייזע, כיטרע חיה. יעגאָר האָט געוועלט געהן אין גאַסט־צימער אָנזאָגען אַז איך בין געקומען; איך האָב איהם אָבער ניט געלאָזען. „מען דאַרף ניט! מען דאַרף ניט!״ — האָב איך צו איהם געזאָגט—„בעסער נעהם אויף גיך אַ איזוואָסטשיק און פאָהר אויף׳ן וואָקזאַל... נאַדיר די קוויטאַנציע, נעהם אָפּ דעם באַגאַזש, גיכער!״

ער איז אַוועק דורך׳ן קאָררידאָר נאָך זיין מאַנטעל. איך האָב מורא געהאַט, אַז זיי וועלען דערהערען און וועלען זיך דערשרעקען. איך בין איהם דעריבער נאָכגעגאַנגען ביז ער וועט אָנטהאָן זיין מאַנטעל. פון דעם גאַסט־צימער, וועלכער איז געווען מיט אַ צימער ווייטער, האָט זיך געהערט אַ

קלאפעריי פון מעסערס מיט טעלער. זיי האָבען געהאלטען אין עסען און האָבען ניט געהערט וויא איך האָב אָנגעקלונגען. איך האָב געהאָפט, אז זיי וועלען אונז איצט ניט דערהערען, און אז זיי וועלען בלייבען אין גאסט־צימער. יעגאָר האָט אָנגעטהאָן זיין מאנטעל, א מאנטעל מיט א קראקולענעם קאָל־נער, און איז אַרויס. איך האָב הינטער איהם פארמאכט דיא טיר. ווען איך האָב דערפיהלט, אז איך בין איינער אַליין, און אז איך דארף דאָ זיך נעהמען צו דער ארבייט, איז מיר געוואָרען שווער און עקעלהאפט אויף׳ן הארצען. וואָס איך וועל דאָ טהאָן, האָב איך נאָך ניט געוואוסט; איך האָב בלויז געוואוסט, אז איצט איז שוין א סוף, אז קיין צווייפעל טאָמער איז זיא אונשולדיג, קען שוין מעהר ניט זיין, און אז באלד וועל איך זיך מיט איהר אָפּרעכענען און מאכען א סוף צו מיינע פערהעלטניסע מיט איהר.

פריהער האָב איך נאָך געקוויינקעלט, זיך גע־וואָרפען אהין און אהער; איך האָב זיך געקלעהרט: „און אפשר האָב איך א טעות". איצט איז געווען גאָר אנדערש. אַלץ איז געווען בעשטימט און פעסט בעשלאָסען. אָהן מיין וויסען, זיצט זיא מיט איהם שפעט ביי נאכט!... דאָס הייסט, אז זיא האָט שוין פארלאָרען יעדע בושה, יעדען געפיהל פון מורא. אָדער אפשר איז דאָס נאָך ערגער: אפשר ווייזט זיא אומישנע אַרוים אזא מוטה, אזא חוצפה, בעגייענדיג איהר פארברעכען, כדי דאָס זאָל אויסזעהן וויא א בעווייז, אז זיא איז אונשולדיג, אז זיא וויים פון גאָר ניט און האָט דעריבער ניט פאר וואָס זיך צו שעהמען אָדער מורא צו האָבען. קיין צווייפעל איז ביי מיר ניט געווען. איך האָב נור מורא גע־האָט טאָמער צולויפען זיי זיך, טאָמער קלעהרען זיי צו א נייעם תירוץ, א נייעם ליגען, טאָמער נעהמען זיי ביי מיר צו דיא מעגליכקייט דייטליך צו בעווייזען, אז זיי זיינען שול־

דיג. אַלזאָ, אום זיי וואָס שנעלער צו כאַפּען, בין איך אויף
דיא ציפּקעלעך געגאַנגען אין זאַאַל, וואו זיי זיינען געזעסען,
אָבער ניט דורך דעם גאַסט־צימער בין איך געגאַנגען, נור
דורך דעם קאָררידאָר און דיא קינדער־צימערען.

אין דעם ערשטען קינדער־צימער האָבען געשלאָפען אונ־
זערע אינגלעך. אין דעם צווייטען האָט זיך דיא ניאַנקע גע־
נומען טשובען און שיער ניט אויפגעכאַפּט זיך; דערביי האָב
איך זיך פאָרגעשטעלט וואָס זיא וועט זיך טראַכטען ווען זיא
וועט זיך אַליץ דערוויסען, און ביי דיעזען געדאַנק האָט מיר
אָנגענומען אַזאַ רחמנות אויף זיך אַליין, אַז איך האָב זיך
ניט געקענט איינהאַלטען פון געוויין. אום ניט אויפצואוועקען
דיא קינדער, בין איך אויף דיא ציפּקעס געלאָפען צוריק דורך׳ן
קאָררידאָר, בין אריין צו זיך אין קאַבינעט , און א וואָרף
טאָנדיג זיך אויף דער קאַנאַפּע, האָב איך זיך צו־וויינט.

איך, דער עהרליכער מאַן! איך, דער זוהן פון מיינע על־
טערען! איך, וואָס איך האָב דעם גאַנצען לעבען געטרוימט
וועגען פאַמיליען גליק; איך, וואָס איך בין איהר איממער
געווען טריי!... מיין פרוי זאָל זיין אַזעלכע! א מוטער
פון פינף קינדער, און האַלזט זיך מיט א מוזיקאַנטעל, ווייל
ער האָט רויטע ליפּען!...

זיא איז קיין מענש ניט! א צווּג איז דאָס, ניט קיין
מענש! לעבען דעם צימער פון אונזערע קינדער טהוט זיא
דאָס, — פון דיא קינדער, וועמען זיא האָט כלומרשט אַזוי
ליעב! היינט דער בריעף, וואָס זיא האָט מיר געשריעבען!
גוואַלט, — מיט אַזא חוצפּה זיך צו ווארפען א פרעמדען
מאַנסבילל אין דיא אָרימס! און וואָס וויים איך וואָס דאָ איז
געווען? אפשר איז דיא גאַנצע צייט אַזוי געווען! אפשר
האָט זיא אונזערע קינדער גאָר געהאַט פון דיא לאַקייען?

ווען איך וואָלט געקומען מאָרגען, וואָלט זיא מיר באגעגענט מיט איהרע שעהן פארקעמטע האָר, מיט איהרע חן'עווּדיגע לאַנגזאַמע בעוועגונגען (איך האָב זיך פאָרגעשטעלט איהר צוציהענדע געזיכט, וועלכע איז מיר געווען אזוי העסליך); זיא וואָלט מיר בעגעגענט, און דיא אייפערזיכסט־חיה וואָלט אימער געזעסען אין מיר און מיין הארצען אויף שטיקלעך געצופּט. וואָס וועט זיך דיא ניאַנקע קלעהרען? און יעגאָר... און אונזער מיידעלע, ליזעטשקע, נעבאך.... זיא פערשטייט דאָך שוין עפּעס.... אה, וואָס פאר א חוצפּה! וואָס פאר א פאלשקייט! היינט דיא טהירישע תאוה איהרע, מיט וועלכע איך בין אזוי גוט בעקאַנט!

איך האָב געוואָלט אויפשטעהן און האָב ניט געקענט. דיא הארץ האָט ביי מיר אזוי געקלאפּט אז ס'איז מיר שווער געווען זיך צו האַלטען אויף דיא פיס. איך וועל דאָ אזוי שטאַרבען פון א הארץ־שלאַג. זיא וועט מיר טויטען. מעהר וויא דאָס וויל זיא ניט... וואָס? זיא וועט גאָר מיר טוידטען? אָה, דאָס וואָלט שוין געווען אַ צו גוטער ביסען פאר איהר! אזא פערגעניגען וועט זיא ביי מיר ניט האָבען... אָבער דערווייל זיץ איך דאָ, און דאָרטען עסט מען און מען לאַכט, און... יאָ, אזוי איז דאָס טאַקי, פּונקט וויא איך האָב געקלעהרט: כאָטש זיא איז שוין ניט קיין פרישינקע, קיין יונגינקע, פון דעסטוועגען האָט ער מיט איהר ניט בראקירט; קיין מיאוס'ע איז זיא דאָך פאָרט ניט, און דער עיקר איז, וואָס פון איהר איז ניטאָ קיין געפאהר פאר זיין טייערע געזונט... גוואלט, פאר וואָס האָב איך איהר דאן ניט דערשטיקט? — האָב איך זיך געקלעהרט, ערינערענדיג זיך דעם מאָמענט מיט א וואך צוריק ווען איך האָב זיא אַרויסגעשטופּט פון מיין קאַבינעט און דערנאָך געשלייַדערט דיא זאכען אן דער ערד. איך האָב זיך דייטליך פאָרגעשטעלט דעם צושטאַנד, אין וועלכען איך בין דאן געווען; און

ניט נור האָט זיך דאָס מיר פאָרגעשטעלט, נור איך האָב גע־פיהלט דיא זעלבע בעדירפנים צו שליידערען, ברעכען, פאר־ניכטען — דעם זעלבען געפיהל, וועלכען איך האָב דענסטמאָל געהאט. מיר האָט זיך פארוועלט עפּעס טהאָן, און אלע געדאנ־קען, טענות, בעווייזע, וועלכע וואָלטען מיר געקענט צוריק־האלטען פון דעם, זיינען פון מיין קאָפּ פערשוואונדען. איך האָב בלויז געהאט געדאנקען, בעווייזע אז איך דארף גלייך טהאָן עפּעס א גוואלטיגע זאך. איך בין געווען אין דעם צושטאנד פון א ווילדע חיה אָדער פון א מענשען, וועלכער איז שטארק אויפ־גערעגט פון א גרויסע געפאהר; איך מיין דעם צושטאנד, ווען דער מענש טהוט אלץ מיט פּינקטליכקייט, בארעכענט, און ניט געאיילט, אָבער ווען ער פארליערט פון דעסטוועגען ניט קיין איין מינוט און טהוט אלץ מיט איין איינציגען צוועק, מיט א קלאָהר בעשטימטען ציעל.

דאָס ערשטע וואָס איך האָב געטהאָן איז אויסצוטהאָן דיא שטיוועל; דאן, בלייבענדיג אין מיינע סקארפּעטקעס, בין איך צוגעגאנגען צום וואנט, איבער דער קאנאפּע, וואו ביי מיר זיינען געהאנגען מיינע ביקסען און שפּיעזען; איך האָב אראָפּגענומען אן אויסגעבויגענעם דאמאסקענעם שפּיעז, וועל־כען מען האָט נאָך קיין מאָל ניט געניצט און וועלכער איז גע־ווען זעהר שארף. איך האָב איהם ארויסגענומען פון שייד. דער שייד איז אראָפּגעפאלען הינטער דער קאנאפּע, און איך גע־דיינק וויא איך האָב צו זיך געזאָגט: שפּעטער וועלל איך איהם אויפזוכען; אז ניט, וועט ער גאָר פארפאלען ווערען. דאן האָב איך אראָפּגענומען פון זיך דעם מאנטעל, וועלכען איך האָב דיא גאנצע צייט געטראָגען, און גייענדיג מיט ווייכע, שטילע טריט, אין דיא סקארפּעטקעס, בין איך אוועק אהין.

## קאַפּיטעל 27.

— צו׳גנב׳ענדיג זיך פּאַמעלאַך, האָב איך פּלוצלונג אַן עפּען געטהאָן דיא טיהר. איך געדיינק דעם אויסדרוק פון זייערע געזיכטען. איך געדיינק דאָס, ווייל דיעזער אויסדרוק פון זייערע פּנים׳ער האָט מיר פערשאַפט שמערצליכע פרייד. דאָס איז געווען דער אויסדרוק פון שרעק; און דאָס האָב איך טאַקי געוואָלט! אויף מיין לעבען וועל איך ניט פאַרגעסען דעם אויסדרוק פון פערצווייפלונג און אימה וועלכער האָט זיך בעוויעזען אויף זייערע ביידען׳ס געזיכטען אין דער ערשטער סעקונדע, ווען זיי האָבען מיר דערזעהען. ער איז, דאכט זיך, געזעסען ביי׳ן טיש, נור דערזעהענדיג מיר, איז ער אויפגעשפּרונגען און האָט זיך געשטעלט מיט׳ן רוקען צום אַלמער. אויף זיין געזיכט איז ניט געווען קיין אנדער זאַך וויא א דייטליכער אויסדרוק פון אימה. אויף איהר געזיכט איז אויך געווען דיעזער אויסדרוק, אָבער א חוץ דעם איז אויף איהר געזיכט געווען נאָך עפּעס אויך. אויב דאָרטען וואָלט געווען בלויז שרעק, וואָלט אפשר ניט פאַרגעקומען דאָס וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. אָבער א חוץ צושראָקענהייט איז אויף איהר געזיכט אין דיעזען מאָמענט אויך געווען אַ מינע פון פערדרוס, פון אונצופריעדענהייט וואָס מען שטערט איהר דאָ זיך איבערצוגעבען צו איהר ליעבע און גליק — אזוי, ווענינגסטענס, האָט זיך דאָס מיר געדוכט דאן, אין דער ערשטער סעקונדע וואָס איך האָב איהר דערזעהען.... אזוי וויא איהר וואָלט קיין אַנדער זאַך אין זינען ניט געלעגען אויסער דעם, דאס מען זאָל איהר איצט לאָזען גליקליך זיין. אי דיעזער אויסדרוק אי דער אויסדרוק פון אימה האָבען זיך אויף זייערע געזיכטען געהאַלטען ניט מֶעהר וויא א רגע. אנשטאַט דעם אויסדרוק פון שרעק האָט זיך אויף זיין פּנים גלייך בעוויעזען אַן אויסדרוק פון דער פראַגע: „קען מען דאָס פארגלעטען מיט ליגענס, אָדער ניט? אויב יא, דאַרף מען גלייך אָנהויבען; אויב ניט, וועט זיך דאָ אָנפאַנגען א

גאַנץ אַנדער זאַך. אָבער וואָס?" ער האָט אַ קוק געטהאָן אויף איהר, פּרעגענדיג ביי איהר מיט זיין בליק. און אויף איהר פּנים, ווען זיא האָט אַ קוק געטהאָן אויף איהם, איז אַנשטאַט איהר אויסדרוק פון פּערדרוס, געוואָרען אַן אויסדרוק פון זאָרג וועגען איהם, אַז איהם זאָל דאָ קיין שלעכטס ניט געשעהן — אַזוי האָט דאָס מיר אויסגעזעהען.

אויף אַ ווײלע בין איך געבליבען שטיין אויף'ן שוועלל, האַלטענדיג דעם שפּיעז הינטער זיך.

אין דיעזער ווײלע האָט ער אַ שמייכעל געטהאָן און מיט אַ טאָן פון פּרייליכע געלאַסענהייט, וועלכע איז פּראָסט געוועזען לעכערליך, האָט ער אָנגעפאַנגען:

— און מיר האָבען דאָ אַביסעלע זיך באַשעפטיגט מיט מוזיק.

— זיך גאָר ניט געריכט אויף דיר אַזוי גיך! — האָט זיא זיך אָבגערופען, ניט ווילענדיג געברויכענדיג דעם זעלבען זאָרג־לאָזען, פּרייליכען טאָן וויא ער.

זיי האָבען ביידע ניט דערערדט — ניט ער, ניט זיא: דער זעלבער ווילדער כעס, וועלכער האָט מיר דורכגענומען מיט אַ וואָך צוריק, ווען איך האָב געשליידערט דיא זאַכען, האָט מיר איצט ווידער דורכגעדרונגען. איך האָב ווידער גע־פיהלט אַ דורשט צו פאַרניכטען, צו געברויכען געוואַלט; איך האָב געפיהלט אַ תענוג פון מיין ווילדען צאָרען און האָב זיך צו דיע־זען געפיהל אָבגעגעבען. זיי האָבען ביידע ניט דערערדט וואָס זיי האָבען אָנגעפאַנגען צו זאָגען. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען יענע „אַנדערע זאַך", פאַר וועלכע ער האָט מורא געהאַט, און דאָס האָט גלייך אָפּגעהאַקט דאָס וואָס זיי האָבען געפּרופט זאָ־גען. איך האָב זיך צו איהר אַ וואָרף געטהאָן, — אַלץ בעהאַל־טענדיג דעם שפּיעז.

איך האָב דעם שפּיעז געהאַלטען הינטער זיך, כדי איך זאָל אונגעשטערט קענען איהר אַ זעץ טהאָן אין זייט, אונטערן

האַרצען. דיעזען אָרט האָב איך אויסגעקליעבען פון אָנפאַנג אָן. אין דעם מאָמענט, ווען איך האָב זיך צו איהר א וואָרף געטהאָן, האָט ער דערזעהן און מיר אָנגעכאַפּט פאַר׳ן האַנט און גענומען שרייען: „וואָס איז מיט אייך? ראַטעוועט!“

איך האָב דאָס פון איהם גאָר ניט ערוואַרטעט. איך האָב אַרויסגעריסען דיא האַנט און אָהן ווערטער האָב איך זיך א וואָרף געטהאָן אויף איהם. זיינע אויגען האָבען זיך בעגעגנט מיט מיינע. פּלוצלונג איז ער געוואָרען בלייך וויא דיא וואַנט, ביז דיא סאַמע ליפּען; זיינע אויגען האָבען עפּעס א מאָדנעם בליץ געטהאָן, און ער האָט זיך א לאָז געטהאָן אונטער דער פּיאַנאָ צום טיהר און איז אַרויסגעלאָפען. איך האָב געפּרופט נאָכלויפען נאָך איהם, נאָר אויף מיין לינקען אָרעם האָב איך דערפיהלט א שווערע משא. דאָס איז זיא געוועזן. זיא האָט מיר צוגעהאַלטען. זיא האָט מיך ניט געלאָזען זיך נאָכיאָגען נאָך איהם. איך האָב זיך א ריס געטהאָן. זיא האָט מיר אָבער צוגעהאַלטען נאָך שטאַרקער און מיר ניט געלאָזען ריהרען זיך פון אָרט. דיא אונערוואַרטעטע שטערונג, דיא משא פון איהר קערפּער, מיט וועלכע זיא האָט מיר צוריקגעהאַלטען, און דאָס וואָס זיא האָט זיך צו מיר צוגעריהרט, — דאָס האָט מיר נאָך מעהר צוברענט. איך האָב געפיהלט, אַז איך בין וויא וואַהנזיניג פון כעס, און אַז איך מוז מסתמא האָבען א שרעקליכען אויסזעהן, און דאָס האָט מיר געפרעהט. איך האָב א זעץ געטהאָן מיט דיא גאַנצע קראַפט פון מיין לינקע האַנד און האָב איהר מיט מיין עלענבויגען געטראָפען אין מיטען געזיכט. זיא האָט א געשריי געטהאָן און אָבגעלאָזען מיין האַנט. איך האָב געוואָלט לויפען נאָך איהם; איך האָב זיך אָבער גלייך אַרומגעזעהען. אַז עס וואָלט געוועזן לעכערליך אין סקאַרפּעטקעס צו יאָגען זיך נאָך דער ווייב׳ס א ליובאָווניק; און לעכערליך זיין האָב איך ניט געוועלט. שרעקליך האָב איך געוועלט זיין, ניט

לעבערליך. דאכט זיך, איך בין געוועזן אין אזא שרעקליכען צושטאנד, אין אזא וואהנזינן, און פון דעסטוועגען האָב איך דיא גאנצע צייט געוואוסט וואס פאר א׳ן איינדרוק איך מאך אויף מענשען, און דער איינדרוק וואָס איך האָב געמאכט האָט מיר זאָגאר אָפט געשטויסען צו דעם, וואָס איך האָב ווייטער געטהאָן. איך האָב זיך א קעהר געטהאָן מיט׳ן פּנים צו איהר. זיא איז אַניעדערגעפאלען אויף דער סאָפא, און אָנגעהמענדיג זיך מיט דער האנט פאר׳ן אויג, וואָס איך האָב איהר צוזעצט, האָט זיא געקוקט אויף מיר. אין איהר געזיכט האָט זיך אויסגעדריקט שרעק און א האס צו מיר, איהר שונא. זיא האָט אויף מיר געקוקט וויא א מויז קוקט אויף א מענשען דורך דער פאסטקע, אין וועלכע מען האָט איהר געכאפּט. קיין אנדער זאך וויא שרעק און האס צו מיר האָב איך, וויינינגסטענס, אויף איהר געזיכט ניט געזעהן. דאָס איז געוועזן דיא שרעק און דיא האס צו מיר, וועלכע אין איהר האָט געדארפט שאפען איהר ליעבע צו א׳ן אנדערען. דאָך, ווען זיא וואָלט געשוויעגען, וואָלט איך אפשר אויף איהר מיין האנט מעהר ניט געהויבען. זיא האָט אָבער ניט געשוויעגען. זיא האָט פּלוצלונג אָנגעהויבען צו ריידען און כאפּען מיר פאר דער האנט. אין וועלכע איך האָב געהאלטען דעם שפּיעז.

— וואָס איז מיט דיר! — האָט זיא געזאָגט — בערוהיג זיך! האָסט ניט וואָס חושד צו זיין, האָסט ניט וואָס חושד צו זיין... איך שוועהר דיר!...

איך וואָלט אפשר נאָך ווייטער געוואַרט, נור פון דיעזע לעצטע ווערטער האָב איך ביי זיך בעשלאָסען פּונקט פערקעהרט, דאָס הייסט, אז איך האָב יא וואָס חושד צו זיין, — אז צווישען זיי איז שוין אלץ פאָרגעקומען. דיעזע ווערטער האָבען פון מיר אַרויסגערופען א׳ן אנטוואָרט; און ער האָט זיך געמוזט פּאסען צום צושטאנד, אין וועלכען איך האָב זיך אַריינגעבראכט. דיעזער צושטאנד מיינער איז געגאנגען פון

שטאַפּעל צו שטאַפּעל, אַלץ העכער און העכער. אַ ווילדער כעס האָט זיך אויך זיינע געזעצע.

— זאָג קיין ליגען ניט, פּאַדלע בעשעפּענעם דוא! — האָב איך אויסגעשריען מיט אַ סטראַשנע שטימע און האָב מיט מיין לינקע האַנט אָנגעכאַפּט איהר האַנט; זיא האָט זיך אָבער אַרויסגעריסען. ניט אַרויסלאָזענדיג דעם שפּיעז, האָב איך איהר דאַן געכאַפּט פּאַר'ן האַלז, אַניעדערגעוואָרפען אויף דער סאָפאַ, און אָנגעהויבען איהר צו ווערגען. וויא שאַרסטקע איהר האַלז איז דאָס געווען!... זיא האָט זיך געכאַפּט מיטביידע הענט פאַר מיינע הענט, און האָט זיי געריסען פון איהר האַלז, און איך האָב דאָס עפּעס אַזוי וויא ערוואַרטעט, און מיט אַלע קרעפטען האָב איך איהר אַ זעץ געטהאָן מיט'ן שפּיעז אין זייט אַריין, אין לינקען זייט, אונטער דיא ריפּען.

אויב מענשען זאָגען אייך, אַז ווען זיי זיינען שרעקליך אין כעס, ווייסען זיי אַליין ניט וואָס זיי טהוען, — איז דאָס אַ'ן אונזינן, אַ ליעגען. איך האָב אַלץ געוואוסט, און ניט אויף איין סעקונדע האָב איך ניט אויפגעהערט צו וויסען וואָס איך טהו און וואָס מיט מיר טהוט זיך דאָ. וואָס שטאַרקער איך האָב אין זיך פונאַנדערגעברענט מיין ווילדען כעס, אַלץ העלער האָט אין מיר זיך צוברענט דיא ליכט פון מיין בעוואוסטזיין. יעדע סעקונדע האָב איך געוואוסט וואָס איך טהו. איך קען ניט זאָגען, אַז איך האָב פאָראויס געוואוסט וואָס איך וועל טהאָן; אָבער אין דער סעקונדע, ווען איך האָב עפּעס געטהאָן, און זאָגאַר עטוואָס פריהער, האָב איך געוואוסט וואָס איך טהו, — עפּעס אַזוי וויא דאָס וואָלט געווען אומישנע, כדי איך זאָל נאָך קענען חרטה האָבען, כדי איך זאָל צו זיך האָבען צייט צו זאָגען, אַז איך קען נאָך זיך אָבשטעלען און דאָס ניט טהאָן. איך האָב געוואוסט, אַז איך גיב אַ זעץ אונטער דיא ריפּען און אַז דער שפּיעז וועט אַריין אינעווייניג. אין דעם מאָמענט, ווען איך האָב דאָס געטהאָן, האָב איך

געוואוסט, אַז איך טהו עטוואָס שרעקליכעס, — עפּעס אזעל־כעס, וואָס איך האָב נאָך קיין מאָל ניט געטאָהן, און אַז דאָס וועט האָבען שרעקליכע רעזולטאטען. אָבער דיעזער געדאַנק האָט אַ שיין געטהאָן וויא אַ בליץ, און גלייך נאָך דעם איז געקומען דער טהאַט. וועגען דעם טהאַט גופא האָב איך גע־וואוסט, געפיהלט מיט אַ מערקווירדיגע דייטליכקייט. איך געדיינק, אַז איך האָב אויף אַ רגע געפיהלט וויא איהר קאָר־סעט און נאָך עפּעס שטערען דעם גאַנג פון דעם שפּיעז, און דערנאָך — וויא דער שפּיעז זינקט אריין אין עטוואָס ווייכעס. זיא האָט זיך פאַר'ן שפּיעז אָנגעכאַפּט מיט דיא הענט; זיך איינגעשניטען און אָפּגעלאָזען.

שפּעטער, זיצענדיג אין טורמע, נאָך דעם וויא אין מיר איז פאָרגעקומען אַ מאָראַלישע איבערקערענעס, האָב איך וועגען דיעזען מאָמענט פיעל נאָכגעדיינקט. איך האָב זיך פיע־לעס עררינערט און אַלץ בעטראַכט. איך געדיינק אַז אויף אַ רגע, אָבער טאַקי בלויז אויף איין רגע'לע, פאַר מיין טהאַט, האָב איך געהאַט דעם שרעקליכען בעוואוסטזיין, אַז איך ער־מאָרדע אַ שוצלאָזע פרוי, מיין פרוי! וויא שרעקליך דיעזער בעוואוסטזיין איז, געדיינק איך גאַנץ גוט, און דעריבער פער־שטעה איך און עררינער זיך זאָגאר אביסעל, אַז נאָך דעם ווי איך האָב שוין דעם שפּיעז אריינגערוקט, האָב איך איהם אויפ'ן שטעל צוריק ארויסגעצויגען. איך האָב געוועלט פער־ריכטען דאָס, וואָס איך האָב געטהאָן, פערהאַלטען עס. אַ סעקונדע בין איך געשטאַנען, ניט ריהרענדיג זיך פון אָרט, ווארטענדיג צו זעהן וואָס דאָ וועט זיין, — צו קען מען דאָס נאָך פערריכטען.

זיא האָט אַ שפּרונג געטהאָן פון דער סאָפאַ און גענומען שרייען: „ניאַנקע! ער האָט מיר ערמאָרדעט!“

דיא ניאַנקע האָט דערהערט דעם ליארם, און זיא איז איצט געשטאַנען אויפ'ן שוועלל. איך בין אַלץ געשטאַנען, און

געוואָרט צו זעהן וואָס דאָ וועט זיין, מיר האָט זיך אַלץ ניט געגלויבט אז עס איז שוין טאַקי געשעהען... אָבער דאָ האָט פון אונטער איהר קאָרסעט אַ שטראָם געטאָהן בלוט. דאַן ערשט האָב איך פעו״שטאַנען, אז מען קען שוין ניט פאַרריכטען, און האָב גלייך ביי זיך געפּסקן׳ט, אז מען דאַרף גאָר ניט פאַרריכטען, — אז דאָס וואָס איך האָב דאָ געטהאָן, וויל איך טאַקי און אז איך האָב דאָס בעדאַרפט טהאָן. איך האָב גע־וואַרט ביז זיא איז אַנידערגעפאַלען, און דיא ניאַנקע איז צו איהר צוגעלאָפען שרייענדיג: „וועה איז צו מיר“!... דאַן ערשט האָב איך אַוועקגעוואָרפען דעם שפּיעז און בין ארויס.

„מען דאַרף ניט זיין אויפגערעגט, איך מוז וויסען וואָס צו טהאָן“ — האָב איך צו זיך געזאָגט, ניט קוקענדיג ניט אויף איהר און ניט אויף דער ניאַנקע.

דיא ניאַנקע האָט געשריען, גערופען דיא דיענסט. איך בין געגאַנגען דורך׳ן קאָררידאָר, האָב אהין אריינגעשיקט דיא דיענסט, און בין אריין אין מיין צימער. וואָס דאַרף מען איצט טהאָן? — האָב איך ביי זיך געפרעגט. און באַלד האָב איך פערשטאַנען, וואָס איך מוז איצט טהאָן.

אריינקומענדיג אין מיין צימער, בין איך גלייך צוגעגאַנ־גען צום וואַנט, האָב אראָפּגענומען מיין פּיסטאָלעט און איהם בעקוקט: ער איז געווען אָנגעלאָדעוועט; איך האָב איהם בעקוקט, און אוועקגעלייגט איהם אויפ׳ן טיש. דאַן האָב איך פון הינטער דער קאַנאַפּע אויפגעהויבען דעם שייד פון דעם שפּיעז, און זיך אַניעדערגעזעצט.

אַ לאַנגע צייט בין איך אַזוי אָבגעזעסען. איך האָב וועגען קיין זאַך ניט געטראַכט, קיין זאַך זיך ניט דערמאָנט. איך האָב געהערט, וויא דאָרטען דרייט מען זיך ארום. איך האָב געהערט וויא עס איז אימיצער געקומען; דערנאָך האָב איך געהערט, וויא יעגאָר איז געקומען מיט מיין קאָרב פון וואָקזאַל. ווער דאַרף דאָס שוין איצט! — האָב איך זיך געקלעהרט.

— האָסט געהערט וואָס עס האָט פּאַסירט ? — האָב איך צו איהם געזאָגט — געה זאָג דעם סטראָזש, אז מען זאָל רופען פּאָליציי.

ער האָט געשוויעגען און איז אוועק. איך האָב זיך אנידער־געשטעלט, פארשפּארט דיא טהיר, גענומען א פּאַפּיראָס און פארדויכערט. אין מיטען רויכערען בין איך אַנשלאָפען געוואָרען וויא א גע'הרג'עטער. צוויי שטונדען האָב איך אזוי געמוזט אבשלאָפען. איך געדיינק וויא אין שלאָף האָט זיך מיר גע־חלום'ט, אז איך בין מיט מיין פרוי גוט־פריינד, אז מיר צו־קריעגען זיך און האלטען וויעדער ביי'ן שלום מאַכען, אז עפּעס א געוויסע זאַך שטערט אונז אביסעל, אבער אז מיר זיינען פון דעסטוועגען פריינד. מיר האָט אויפגעוועקט א קלאַפּ אין טהיר. „דאס איז מסתמא דיא פּאָליציי" — האָב איך צו זיך געזאָגט, אויפכאַפּענדיג זיך — „איך בין בעגאַנגען א מאָרד, דאכט זיך... און אפשר קלאַפּט זיא דאס גאר, און עס האָט קיין אונגליק ניט. פּאַסירט"? מען האָט וויעדער אנגעקלאַפּט אין טהיר. איך האָב ניט געענטפערט, און האָב געטראַכט וועגען דער פראַגע: „איז דאס געשעהן אדער ניט"? — „יא, עס איז געשעהן"! האָב איך זיך געענטפערט. איך האָב זיך דערמאָנט וויא איהר קאָרסעט האָט אויף א רגע דעם שפּיעז ניט געלאָזען אריינגעהן אין איהר לייב, און א קעלט איז מיר דורכגעגאַנגען דורכ'ן רוקען. „יא, עס איז געשעהן. יא, און איצט מוז איך מיט זיך אויך מאַכען א סוף". אזוי האָב איך צו זיך געזאָגט, און דערביי האָב איך געוואוסט, אז איך וועל קיין זעלבסטמאָרד ניט בעגעהן. פון דעסטוועגען בין איך אויפגעשטאַנען און גע־נומען דעם פּיסטאָלעט אין האַנט. אבער א מערקווירדיגע זאַך! איך געדיינק, וויא פריהער פלעג איך אמאָל זיין גאַנץ נאָהענט צו זעלבסטמאָרד, וויא אָט טאַקי יענעם טאָג, זיצענדיג אין וואגאָן, האָט זיך מיר געדוכט, אז דאס איז זעהר לייכט צו

טהאָן — לייכט, ווייל דאס וועט פאר איהר זיין א מפלה — אזוי האב איך זיך דאן געקלעהרט. איצט אבער האב איך ניט נור ניט געקענט מאכען אן ענד צו מיין לעבען, נור אפילו דיינקען וועגען דעם האב איך ניט געקענט. „צו וואס זאָל איך דאס טהאָן"? האב איך ביי זיך געפרעגט; און קיין אנטוואָרט האב איך אויף דעם ניט געהאט.

אין טהיר האט מען ווידער געקלאפט. „מען מוז אקאָרשט פריהער וויסען ווער עס קלאפט דאָרטען" — האב איך צו זיך געזאָגט. שיסען זיך וועל איך נאָך פאָספייען. איך האב אוועק־געלייגט דעם פיסטאָלעט און איהם צוגעדעקט מיט א צייטונג, מען זאָל איהם ניט זעהן. איך בין צוגעגאנגען צום טהיר און אבגערוקט דעם פאררוקער. מיין פרוי'ס שוועסטער האט דאס געקלאפט — א גוט־הערציגע, נארישע אלמנה.

— וואסיא! וואס טהוט זיך דאָ? — האט זיא געזאָגט און דיא טרעהרען, אויף וועלכע זיא איז אַלע מאָל געווען גרינג, האבען זיך א גאָס געטהאָן פון איהרע אויגען.

— וואס דארפט איהר? — האב איך איהר גראָב גע־פרעגט. איך האב געוואוסט, אז מיין גראָבקייט מיט איהר איז א גאנץ אומזיסטע זאך, אז עס האט קיין זינן ניט; אבער צוצוקלעהרען אן אנדער טאָן האב איך ניט געקענט.

— וואסיא, זיא שטארבט דאך! איוואן זאכאריטש האט אזוי געזאָגט (איוואן זאכאריטש איז געווען מיין פרוי'ס דאק־טאָר, איהר ראטהגעבער).

— ער איז דען דאָ? — האב איך געפרעגט און מיין גאנצער כעס אויף איהר האט זיך אין מיר ווידער צופלאַ־קערט — נו, מאָ וואס זשע איז?

— וואסיא! געה צו צו איהר! גוואלד, וויא שרעקליך דאס איז! — האט זיא געזאָגט.

. געהן צו איהר? האב איך זיך געפרעגט, און גלייך האב איך זיך געענטפערט, אז מען דארף געהן; אויב אימער טהוט מען אזוי, דארף מען געהן, האב איך זיך געקלעהרט. אויב מען וועט דארפען זיך שיסען, וועל איך דאס קענען טהאָן צו יע־דער צייט — האב איך זיך געטראכט, און בין אוועק צו איהר. „איצט וועלען פּאָרקומען רייד, אוואיעס; איך וועל זיך אבער ניט אונטערגעבען", האב איך צו זיך געזאָגט.

— ווארט — האב איך זיך אבגערופען צו איהר שוועס־טער — איך געה אין היילע סקארפּעטקעס, איך וועל כאָטש אנטהאָן דיא מעסטעס.

## קאַפּיטעל 28.

— עס איז דאָך א מערקווירדיגע זאַך! וויא איך בין אזוי ארויס פון מיין צימער און געגאַנגען דורך דיא אַנדערע צי־מערען, צו וועלכע איך בין צוגעוואָהנט געווען, האט זיך אין מיר וויעדער בעוויעזען א האָפנונג, אז עס איז גאר ניט געשעהן און אז אַלץ איז וויא געוועהנליך; אבער דער ריח פון דיא ראָקטאָרשע פּאסקודסטווא, פון יאָדאָפאָרם און קארבאָל, איז פאר מיר געווען א שרעקליכע איבערראַשונג. „ניין, עס איז יע געשעהן"! האב איך צו זיך געזאָגט. געהענדיג דורכ'ן קאָררי־דאָר האב איך דערזעהן ליזעטשקע'ן, אונזער עלטערע מיידעלע. זיא האט אויף מיר געקוקט מיט צושראָקענע אויגלאָך. מיר האָט זיך זאָגאַר געדוכט, אז אַלע אונזערע פינף קינדער געפינען זיך דאָ, און אז אַלע קוקען זיי אויף מיר. איך בין צוגעגאַנגען צום טהיר; דיא דיענסט האט מיר געעפענט פון אינוועניג און אליין איז זיא ארויסגעגאַנגען. דאס ערשטע, וואס איך האב דערזעהן, איז געווען מיין פרוי'ס העלל־גרויע קלייד אויפ'ן שטוהל; זיא איז געווען אין גאַנצען שווארץ פון בלוט, דיא קלייד. זיא אליין איז געלעגען אויף אונזער דאָפּעלטער בעט— מיט אויפגעהויבענע קניע איז זי געלעגען. דאס איז געווען מיין האַלבע בעט, (מ'האט איהר דאָרטען אוועקגעלעגט, ווייל אהין

איז געווען גרינגער צוצוקומען). זיא איז געלעגען זעהר משופע׳־דיג, אראָפּבארג; אין גאַנצען אויף קישענס איז זיא געלעגען, אין אן אבגעשפּילטען יאַקעל. אויפ׳ן אָרט פון דער וואונד האט מען עפּעס ארויפגעלייגט. אין צימער האט זיך געהערט א שטארקער גערוך פון יאָדאָפאָרם.

פריהער פון אלץ און מעהר פון אלץ האָט אויף מיר א שרעקליכען איינדרוק געמאכט איהר געשוואָלענער פנים, וועלכער איז ערטער־וויז געווען בלאָה — דער פּנים, א טהייל פון נאָז און אונטער דיא אויגען. דאָס איז געווען פון דעם זעץ, וואָס איך האָב איהר געגעבען מיט׳ן עלענבויגען, ווען זיא האָט מיר געוואָלט צוהאלטען איך זאָל זיך ניט נאָכיאָגען נאָך טרוכאטשעווסקי׳ן. קיין ברעקעל שעהנקייט איז אויף איהר פּנים ניט געבליעבען,—פארקעהרט, עס איז אויף איהם איצט געווען א געוויסער סאָרט העסליכקייט — אזוי, ווענינגסטענס, האָט זיך דאָס מיר אויסגעוויזען, און איך בין געבליעבען שטעהן אויפ׳ן שוועל.

—„געה צו צו איהר, געה צו צו איהר!“ — האָט צו מיר געזאָגט איהר שוועסטער.

„זיא וויל מסתמא בעטען איך זאָל איהר מוחל זיין איהר פארברעכען“—האָב איך זיך געקלעהרט—„זאָל איך איהר מוחל זיין? זיא האלט דאָך ביים שטארבען. מען קען איהר מוחל זיין“ — האָב איך צו זיך געזאָגט, סטארענדיג זיך צו זיין גוט־הערציג. איך בין צוגעגאנגען גאַנץ נאָהענט. זיא האָט קוים אויף מיר אָנגעשטעלט דיא אויגען, איינער פון וועלכע איז געווען אונטער־געשלאָגען, און קוים ריידענדיג, מיט א שוואכע, געבראָכענע שטימע, אָבשטעלענדיג זיך אלע ווייל‍ע, האָט זיא געזאָגט:

— דו האָסט אויסגעפיהרט וואָס דיר האָט זיך געוואָלט... האָסט מיך ערמאָרדעט, — און דורך איהרע יסורים און דורך איהר נאָהענטקייט צום טויט האט זיך אויף איהר געזיכט

אויסגעדריקט דער זעלבער אַלטער טהירישער האַס צו מיר, מיט וועלכען איך בין געוועזן אַזוי גוט בעקאַנט — די קינדער... וועל איך דיר... פון דעסטוועגען ניט געבען... זיא (איהר שוועסטער) וועט זיי צונעהמען....

וועגען דעם, וואָס ביי מיר איז געוועזן וויכטיגער פאַר אַלץ, וועגען איהר שולד, וועגען דעם, וואָס זיא איז מיר געוועזן פאַלש, — וועגען דעם האָט זיא אַזוי וויא ניט געהאַלטען פאַר וויכטיג צו דערמאַהנען.

— קלייב נחת... פון דעם, וואָס דו האָסט געטהאָן — האָט זיא געזאָגט, קוקענדיג אויף'ן טהיר, און האָט א כליפּע געטהאָן. ביי'ן טהיר אויף'ן שוועל איז געשטאַנען איהר שוועסטער מיט אונזערע קינדער — קוועל, קוועל פון דיין אַרבייט!..

איך האָב א קוק געטהאָן אויף דיא קינדער, אויף איהר געשוואָלענעם, צוזעצטען פּנים, און צום ערשטען מאָל האָב איך פאַרגעסען מיינע רעכטע, מיין שטאָלץ. צום ערשטען מאָל האָב איך אין איהר דערזעהן א מענשען. און דאָס אַלץ וואָס מיר האָט בעליידיגט, אַלץ, וועגען וואָס איך בין אויף איהר געווען אין כעס, מיין גאַנצע אייפערזוכט,—אַלץ האָט זיך מיר איצט אויסגעוויעזען אַזוי אונוויכטיג, אַזא קליינינגקייט, און דאָס וואָס איך האָב דאָ געטהאָן מיט איהר האָט מיר אויסגעזעהן אַזוי וויכטיג, אַזוי גוואַלטיג, אַז מיר האָט זיך געוועלט צופאַללען מיט מיין געזיכט צו איהר האַנט, און זאָגען: „זיי מיר מוחל!“ איך האָב אָבער ניט געסמייעט.

זיא האָט געשוויעגען, און פערמאַכט דיא אויגען. מען האָט געקענט זעהן, אַז זיא האָט מעהר קיין כח ניט צו ריידען. דערנאָך האָט איהר צו־וואונדעטע מיאוס־אויסזעהענדע געזיכט א ציטער געטהאָן און זיך צונויפגעקאָרטשעט. זיא האָט מיר אָבגעשטופּט פון זיך מיט א שוואַכען שטופּ.

— זיי מיר מוחל — האָב איך געזאָגט.

— מוחל, ישמויכעל! אוי, איך זאָל נור ניט שטאַרבען... —האָט זיא אויסגעשריען. זיא האָט זיך א הויב געטהאָן און

איהרע אויגען, וועלכע האָבען פּיבערהאַפט געבליסטשעט האָ־
בען זיך אָנגעשטעלט אויף מיר.

— יא, דוא האסט אויסגעפיהרט... איך קען דיר ניט
אָנזעהן... אוי! אך! — האָט זיא גענומען שרייען, שוין
פון היץ. זיא האָט זיך געשראָקען פאר וואָס עס איז—שים!
איך האב פאר דיר קיין מורא ניט! אבער אז שיסען, טאָ שים
אַלעמען! ער איז אוועק. אוועק!...

אַזוי האָט זיא שוין פון היץ גערעדט דיא גאַנצע צייט.
זיא האָט קיינעם ניט דערקענט. דעם זעלבען טאָג, ארום
12 אוהר, איז זיא געשטאָרבען. מיר האָט מען אוועקגע־
פיהרט פריהער, אום אכט אוהר. אין דער פּאָליציי האָט מען
מיר אוועקגעפיהרט, און פון דאָרטען אין טורמע. דאָרטען
בין איך אָבגעזעסען 11 מאָנאַט, ווארטענדיג אויף דעם פּראָ־
צעסס, און אין דיזע עלף מאָנאַט האָב איך בעטראַכט זיך
אַליין און אַלץ וואָס איז געווען, מיין גאַנצע פערגאַנגענהייט,
און האָב אַלץ פערשטאַנען. פערשטעהן האָב איך אָנגע־
הויבען אויפ'ן דריטען טאָג, אויפ'ן דריטען טאָג האט מען מיר
געפיהרט אהין....

פּאָזדנישעוו האָט געוועלט עפּעס זאָגען, ער האָט אָבער
מעהר זיך ניט געקענט איינהאַלטען פון צו־וויינען זיך און ער
האָט זיך אָבגעשטעלט. דערנאָך האָט ער זיך אָנגעטהאָן א
כח צו זיין רוהיג, און געזאָגט:

— איך האָב גענומען פארשטעהן ערשט דאן, ווען איך
האָב איהר דערזעהן ליגענדיג אין טויטען־קאַסטען...

ער האָט אַ כליפּע געטהאָן, און געזאָגט אויף גיך:

— ערשט דאן, ווען איך האָב געזעהן איהר טוידטע
געזיכט, האָב איך פערשטאַנען אַלץ וואָס איך האָב דאָ גע־
טהאָן. איך האָב פערשטאַנען, אז איך, איך האָב דאָס איהר
ערמאָרדעט, אז פון מיר איז דאָס אַרויסגעקומען דאָס וואָס
פריהער איז זיא געווען אַ לעבעדיגע, אַ ווארימע און האָט
זיך בעוועגט, און איצט קען זיא זיך ניט בעוועגען, איצט איז
זיא אַ קאַלטע, און אַזוי וויא פון וואקס, און אז דאָס וועט

מען שוין קיין מאָל, מיט קיין זאַך און אויף קיין פּלאַץ אין דער וועלט ניט קענען פארריכטען. דער, וואָס האָט דאָס ניט דורכגעמאַכט, קען דאָס ניט פארשטעהן... אוי, אוי! אוי! —האָט ער זויסגעשריען עטליכע מאָל, און איז אַנשוויגען געוואָרען....

אַ היבשע צייט זיינען מיר געזעסען ניט ריידענדיג. ער האָט געכליפּעט, און איהם האָט געטרייסעלט אַזוי וויא פון קעלט. זיין געזיכט איז עפּעס דינער, לייגגער געוואָרען, און זיין מויל האָט פארנומען איהר גאַנצע ברייט.

— יאָ, — האָט ער פּלוצלונג ווידער אָנגעהויבען צו ריידען — ווען איך וואָלט פריהער געוואוסט דאָס וואָס איך וויים איצט, וואָלט אַלץ אַנדערש געוועזן. דאַן וואָלט איך מיט איהר בשום אופן ניט געהייראַטה.... בשום אופן ניט....

מיר האָבען ווידער לאַנג געשוויגען....

— נו, ענטשולדיגט מיר...—מיט דיזע ווערטער האָט ער זיך אָבגעקעהרט פון מיר, צוגעלייגט זיך אויף'ן באַנק, און זיך צוגעדעקט מיט זיין פּאַטשיילע. ארום אכט אוהר, ווען דער צוג איז צוגעקומען צו דער סטאַנציע, וואו איך האָב בע־דאַרפט ארויסגעהן, בין איך צו איהם צוגעגאַנגען זיך זעגענען מיט איהם. איך וויים ניט צי ער האָט געשלאָפען צי ער האָט זיך געמאַכט אז ער שלאָפט; ער האָט זיך אָבער קיין ריהר ניט געטהאָן. איך האָב אויף איהם ארויפגעלייגט דיא האַנט. ער האָט אָבגעדעקט דיא געזיכט, און געעפענט דיא אויגען. איך האָב געקענט זעהן, אז ער האָט ניט געשלאָפען.

— אַדיע— האָב איך געזאָגט, אויסשטרעקענדיג מיין האַנט. ער האָט מיר געגעבען זיין האַנט, און אַ שוואַכען שמייכעל געטהאָן, אָבער אזא טרויעריגען שמייכעל, אז מיר האָט זיך געוועלט וויינען.

— אַדיע — האָט ער איבערגעזאָגט מיין וואָרט, און מיט דעם האָט זיך געענדיגט זיין גאַנצע ערצעהלונג.

ע נ ד ע.

# טאָלסטאָי װעגען דער הייראַטה.

## זיין נאכוואָרט וועגען זיין ערצעהלונג „דיא קרייצער סאָנאַטאַ“.

איך האָב ערהאַלטען און ערהאַלט ווייטער פיעלע בריעף פון מענשען, מיט וועלכע איך בין ניט בעקאַנט, און וועלכע בעטען מיר, אז איך זאָל מיט איינפאַכע קלאָהרע ווערטער ערקלעהרען וואָס איך מיין מיט מיין ערצעהלונג דיא „קרייצער סאָנאַטאַ“. איך וועל דאָס פּרופען טהאָן, — איך וועל פּרופען מיט קורצע ווערטער אויסדריקען, וויא ווייט דאָס איז מעגליך, וואָס איך האָב געוועלט זאָגען אין דיעזער ערצעהלונג, און דיא שליסע, וועלכע מען קען, נאָך מיין מיינונג, פון איהר ציהען.

* * *

געוועלט האָב איך זאָגען ע ר ש ט ע נ ס, — אז אין אונזער געזעלשאַפט האָט זיך צוזאַמענ־געשטעלט א מיינונג, אז געשלעכטליכע פערהעלטניסע אָהן הייראַטה, געשלעכטליכע פערהעלטניסע, וועלכע לייגען אויף דעם מאַנסביל ניט אַרויף קיינע פּליכטען אויסער דאָס, וואָס ער דאַרף באַצאָהלען געלט דערפאַר, — אז דאָס איז א גאַנץ נאַטירליכע זאַך, און מען דאַרף זאָגאַר ראַטהען אזעלכע פערהעלטניסע צו האָבען; און דיעזע מיינונג ווערט אונטערשטיצט פון דער וויסענשאַפט. דיעזע מיינונג איז געוואָרען אַזוי פערשפּרייט און אַזוי פעסט, אז אויף דעם ראַטה פון דאָקטוירים, גרייטען עלטערען אליין צו דיא הילטייסטוואָ פון זייערע זיהן; און רעגיערונגען, וועלכע דאַר־

פען, דאכט זיך, זאָרגען וועגען דיא מאָראַל פון זייערע בירגער, גרינדען אליין הולטייסטוואָ, דאָס הייסט זיי רעגולירען דיא בע־שעפטיגונג פון א גאנצען קלאַסס פרויען, וועלכע דארפען אומ־געבראכט ווערען קערפערליך און גייסטיג פאר דער בעפריעדי־גונג פון כלומרשט'דיגע בעדירפניסע פון מאנסבילען; און אונ־פערהייראטהע מענער לאָזען זיך אריין אין הולטייסטוואָ מיט א גאנץ רוהיגען געוויסען.

נו, האָב איך געוועלט זאָגען, אז דאָס איז ניט גוט; וואָ־רים עס קען דאָך ניט זיין, אז פאר דער געזונד פון איין זאָרט מענשען זאָל מען מוזען אומברייננגען דיא קערפערס און דיא נשמות פון אן אנדער זאָרט מענשען, — פונקט וויא עס קען ניט זיין, אז צוליעב דיא געזונד פון איין זאָרט מענשען דאָרף מען טרינקען דיא בלוט פון אנדערע מענשען.

און דער שלום, וואָס מען דאָרף, נאָך מיין מיינונג, פון דעם ציהען, בעשטייט אין דעם, דאָס נאָכגעבען דיעזען טעות און פאלשקייט דאָרף מען ניט. אום, וויעדער, דאָס ניט נאָכ־צו־געבען, דאָרף מען ערשטענס ניט גלויבען אין קיינע אונמאָראַ־לישע לעהרען, — עס מאכט ניט אויס, וואָס זיי ווערען אונ־טערשטיצט פון כלומרשטדיגע וויסענשאַפטען; צווייטענס, דאָרף מען פארשטיין, אז צו האָבען אזעלכע געשלעכטליכע פער־העלטניסע, ביי וועלכע מען בעפרייט זיך פון זייערע רעזול־מאַטען, דאָס הייסט פון קינדער האָבען, אָדער מען לאָזט דיעזע לאַסט אין גאנצען איבער אויף דער פרוי, אָדער מען מאכט אזוי, אז קיין קינדער זאָלען גאָר ניט געבאָרען ווערען, — אז אזא זאָרט געשלעכטליכע פערהעלטניסע, זאָג איך, איז א פאר־ברעכען געגען די איינפאַכסטע פאָדערונגען פון דער מאָראַל, אן איינפאַכע ניעדערטרעכטיגקייט. און אז אונפערהייראַטע מע־נער, וועלכע ווילען ניט פיהרען קיין ניעדערטרעכטיגען לעבען, דארפען דאס דעריבער ניט טהאָן.

און אום זיי זאָלען קענען פון אזא ניעדערטרעכטיגקייט זיך איינהאַלטען, דארפען זיי, א חוץ דעם וואָס זיי וועלען זיך פון

דעם איינהאַלטען, פיהרען א נאַטירליכען ארט לעבען, — ניט טרינקען, ניט עסען צו פיעל, ניט עסען קיין פלייש און ניט אויסמיידען קיין ארבייט (איך מיין ניט קיין גימנאַסטיק, נור אמת'ע ארבייט, פון וועלכע מען ווערט מיעד, וועלכע איז קיין שפיעל ניט) ; אויך דארפען זיי אין זייערע געדאַנקען זיך ניט פאָרשטעלען, אז עס איז זיי מעגליך צו האָבען פערהעלטניסע מיט פרעמדע פרויען, — פּונקט וויא קיינער שטעלט זיך קיין מאָל ניט פאָר, אז אַזעלכע פערהעלטניסע זיינען מעגליך צווישען איהם און זיין מוטער, שוועסטער, פערוואַנדטע אדער דיא פרויען פון זיינע פריינד.

בעווייזע, אז אזוי זיך איינצוהאַלטען איז מעגליך און איז ניט אזוי געפעהרליך ווי ווען מען האַלט זיך ניט איין—אַזעלכע בעווייזע וועט יעדער מאַנספּארשוין ארום זיך געפינען הונ־דערטע־ווייז.

דאס איז ערשטענס.

צווייטענס, האָב איך געוואָלט זאָגען, אז דורך דעם וואָס ביי אונז בעטראַכט מען אַזעלכע פערהעלטניסע ניט נור אלס א זאַך, וואָס איז נויטהיג פאר דער געזונד און אלס א פערגעניגען, נור אויך אלס א פּאָעטישען, ערהאַבענעם לעבענס־גליק, איז דיא אונטרייהייט צווישען מאַן און וויב ביי אלע קלאַסען געוואָרען א גאַנץ געוועהנליכע זאַך (הויפּטזעכליך אין דעם בויערן־קלאַסס, צוליעב דער מיליטער, — צוליעב דעם, וואָס דיא סאָלדאַטען זוכען צו האָבען פערהעלטניסע מיט פרעמ־דע פרויען, און זייערע פרויען בלייבען אָהן מענער).

און איך גלויב, אז דאָס איז ניט גוט. אַלזאָ איז דער שלום, וואָס מען דאַרף דערפון ציהען, אז מען דאַרף דאָס ניט טהאָן.

אום ווייעדער דאָס ניט צו טהאָן, איז נויטהיג, אז מען זאָל אויף דיא קערפּערליכע ליעבע קוקען גאַנץ אַנדערש וויא איצט ; עס איז נויטהיג אז דיא פאַמיליע און דיא עפענטליכע מיינונג פון דער גאַנצער געזעלשאַפט זאָלען אזוי ערציהען דעם מאַנסביל מיט דער פרויענצימער, אז אויף דעם פערליעבען זיך און אויף

דיא קערפערליכע פערהעלטניסע, וועלכע איז מיט דעם פארבונדען, זאָלען זיי פאר דער חתונה און נאָך דער חתונה קוקען ניט וויא אויף א פּאַטישען, ערהאבענעם צושטאנד, נור וויא אויף א טהירישען צושטאנד, וועלכער איז פאר דעם מענשען אן ערניעדערונג ; עס איז נויטהיג, אז ווען מען ברעכט דעם צוזאָג צו זיין טריי, וועלכען חתן־כלה גיעבען זיך איינער דעם אַנדערען צו דער חתונה, זאָל דיא געזעלשאפטליכע מיינונג דאָס בעשטראפען אויף אזא ארט, וועניגסטענס, וויא זיא בעשטראָפט, ווען מען ברעכט א פפליכט אין געלט־זאכען, אָדער ווען מען בעשווינדעלט אין געשעפט, און ניט זינגען לויב־געזאנגען דערצו, וויא דאָס ווערט געטהאָן היינט אין ראָמאנען, אין געדיכטע, ליעדער, אפּערעס און זאָ ווייטער.

דאָס איז צווייטענס.

ד ר י ט ע נ ס, האָב איך געוועלט זאָגען, אז צוליעב דיא זעלבע פאלשע בעדייטונג, וואָס ביי אונז האָט דיא קערפערליכע ליעבע, האָט דאָס קינדער־האָבען פערלאָרען זיין זינן ; אַנשטאָט צו זיין דיא ציעל און דיא רעכטפערטיגונג פון דיא געשלעכטליכע פערהעלטניסע צווישען מאַן און ווייב, איז דאָס גאָר געוואָרען בלויז א שטערונג צו דעם פערגעניגען, וואָס זיי וואָלטען געקענט האָבען, ווען זיי וואָלטען דיעזע פערהעלטניסע געקענט פאָרטזעצען ; און דעריבער ברויכט מען געוויסע מיטלען, וועלכע בעפרייען דיא פרוי פון קינדער־האָבען ; און דאָס ווערט געטהאָן אויף דעם ראטה פון פאָרשטעהער פון דער מעדיצינישער וויסענשאפט ; דאָס ווערט געטהאָן סיי פון פערהייראטהע פרויען סיי פון פרויען וואָס האָבען פערהעלטניסע מיט פרעמדע מענער. נאָך א זאך : עס איז געוואָרען אַ מאָדע מיט א פרוי צו האָבען פערהעלטניסע אפילו אין דער צייט, ווען זיא שוואנגערט אָדער זיא זויגט. אין דיא בויערען־פאמיליען וויים מען פון דיעזער געוואוינהייט נאָך וויניג, און אין פריעהערדיגע צייטען פלעגט מען דערפון ביי

דיא אַנדערע קלאַססען אויך ניט וויסען; אָבער היינט ווערט דיעזע מאָדע אין דיעזע קלאַססען פאַרשפּרייט. און איך גלויב, אַז דאָס איז ניט גוט.

צו געברויכען מיטלען געגען דעם געבורט פון קינדער איז ניט גוט ערשטענס דערפאַר, ווייל דאָס בעפרייט מענשען פון דיא זאָרג און אַרבייט פאַר דיא קינדער, וועמעס געבורט איז אונזער איינציגע רעכטפערטיגונג פון דער קערפּערליכער ליעבע; צווייטענס, ווייל דאָס איז זעהר ענהליך צו אַ פאַרברע־כען, וועלכער איז דעם מענשליכען געוויסען העסליכער פאַר אַלץ אין דער וועלט, — צו מאָרד. וואָס אַנבעטרעפט דער פראַגע וועגען ניט איינהאַלטען זיך פון געשלעכטליכע פער־העלטניסע, ווען דיא פרוי שוואַנגערט אָדער זויגט, איז אַזוי זיך צו פיהרען ניט גוט, ווייל דאָס פערדאַרבט דיא קערפּער־ליכע און הויפּטזעכליך דיא גייסטיגע קרעפטען פון דער פרוי. אַלזאָ, איז דער שלום דערפון, אַז אַזוי זיך פיהרען דאַרף מען ניט. און אום אַזוי זיך ניט צו פיהרען, דאַרף מען פערשטעהן, אַז זיך איינצוהאַלטען, (וואָס אָהן דעם איז אונמעגליך זעלבסט־רעספּעקט אין דעם אונפערהייראַטען לעבען) איז פאַר פערהיי־ראַטהע נאָך אַ גרעסערע פליכט וויא פאַר אונפערהייראַטהע.

דאָס איז דריטענס.

פ ע ר ט ע נ ס,—האָב איך געוואָלט זאָגען, אַז איז אונזער געזעלשאַפט, וואו אויף קינדער קוקט מען ענטוועדער וויא אויף אַ שטערונג צו האָבען פערגניגען, אָדער וויא אויף אַן אונ־גליקליכען צופאַל, אָדער וויא אויף אַ געוויסען זאָרט פערגני־גען, — אין אונזער געזעלשאַפט ווערען דיעזע קינדער ערצוי־גען ניט אַזוי, אַז זיי זאָלען אַ מאָל קענען ערפיללען דיא אויפ־גאַבען פון דעם מענשליכען לעבען אַלס פערנינפטיגע, ליע־בענדע בעשעפּעניסען; ניין, זיי ווערען ערצויגען בלויז צו־ליעב דיא פערגניגענס, וועלכע זיי וועלען קענען פערשאַפען זייערע עלטערען. דער רעזולטאַט איז, אַז קינדער פון מענשען ווערען ערצויגען אַזוי וויא קינדער פון חיות: דיא הויפּט זאָרג

פון דיא עלטערען איז ניט צו זעהן זיי צו צופערטיגען צו א טהעטיגקייט, וואס זאל זיך פאסען פאר א מענשען, נור וואס בעסער זיי אבצוקארמען, צואיילען זייער וואוקס, מאכען זיי ווייסער, זאטער, שעהנער; און דיא פאלשע וויסענשאפט, וועל־כע מען רופט מעדיצין, אונטערשטיצט דיא עלטערען אין דעם; און דיא ארימע קלאסען קוקען אויף דעם פונקט אזוי וויא דיא העכערע; אי זיי האדעוועו ניט אזוי זייערע קינדער? — איז דאס נור וויל זיי זיינען צו ארים דערצו. דער רעזולטאט איז, אז ביי דיא צוצערטעלטע קינדער, פונקט וויא ביי איבערגע־קארמעטע בהמות, בעווייזט זיך צו פריה דיא תאוה — א תאוה, וועלכע זיי איז אונמעגליך ביי־צו־קומען, און וועלכע פערשאפט דיא קינדער פון ארום 13, 14, 15 יאהר שרעקליכע מאטערנעס.

זיי פוצען זיך, זיי לעזען, זיי געהען אין טהעאטער, אין צירק, זיי הערען מוזיק, זיי טאנצען, זיי עסען זיסע זאכען; און דאס אלעס, דיא גאנצע לעבענס־ארדנונג זייערע, — פון דיא בילדער, וואס געפינען זיך אויף דיא פושקעלעך פון קאנפעטען, למשל, ביז דיא ראמאנען, ערצעהלונגען אדער געדיכטע, וואס זיי לעזען, — אלץ צוברענט אין זיי דיעזע תאוה; דיא עקעלהאפטסטע געוואהנהייטען, דיא שרעקליכסטע גע־שלעכטליכע פערברעכענס און קראנקהייטען זיינען דעריבער דיא נאטירליכסטע זאכען ביי דעם אויפוואקסען פון קינדער, פון מיידלעך אזוי גוט וויא פון אינגלעך, און אפט בלייבען דיעזע עקלהאפטע און שעדליכע קינדערשע געשלעכטליכע געוואוינהייטען ווען זיי וואקסען אוים אויך.

און איך גלויב, אז דאס איז ניט גוט; און דער שלום פון דעם איז, אז מען דארף אויפהערען צו ערציהען קינדער פון מענשען וויא קינדער פון חיות, — אז ביי דער ערציהונג פון מענשען־קינדער דארף מען זיך שטעלען גאנץ אנדערע ציע־לען וויא אז דאס קינד זאל האבען א שעהנעם, אבגעקארמעטען קערפער.

דאס איז פערטענס.

פינפטענס — האָב איך געוואָלט זאָגען דאָס פאָלגענדע: אזוי וויא דער פונדאַמענט פון ליעבע, פון פערליעבטקייט, איז דיא קערפערליכע ליעבע, און דאָך מאַכט מען איהר בלומרשט פאַר דעם העכסטען פּאָעטישען ציעל אין דיא שטרעבונגען פון דעם מענשען, (אזוי ווייזט דער גאַנצער כאַראַקטער פון אונזער קונסט און פּאָעזיע, וועלכע בעשעפטיגען זיך הויפּטזעכליך מיט דיעזען געגענשטאַנד,) — דעריבער גיבען יונגע לייט אָפּ דיא בעסטע צייט פון זייער לעבען אויף דיא שטרעבונג אויס־צו־קוקען, אויס־צו־זוכען און אריינצוקריעגען דיא בעסטע מיטלען פון ליעבע, ענטוועדער אין דער פאָרמע פון א „לינקען“ ראָמאַן מיט א פרעמדע פרוי אָדער פון א שדוך. דאָס איז וועגען דיא יונגע מענער; און דיא מיידלעך, וויעדער, גיבען אָפּ דיא בעסטע צייט פון זייער לעבען אויף סטאַרען זיך צו צו־ציהען און פאַנגען מענער ענטוועדער אויף א „לינקען“ ראָמאַן אָדער מיט דעם צוועק זיי צו הייראַטהען.

און איך גלויב, אַז דאָס איז ניט גוט.

פון דעם קומט אַרויס, אַז דיא בעסטע קרעפטען ווערען פאַרלאָרען אויף אוננוצליכע און איינפאַך אויף שעדליכע אַרבייט; פון דעם קומט אַרויס דאָס רוב פון דעם דומען לוקסוס פון אונזער לעבען; פון דעם קומט אַרויס דאָס, וואָס אונזערע מענער פוסט־און־פּאַסעווען און אונזערע דאַמען האָבען קיין בושה ניט; פרויען וואָס פיהרען אָפען אַן אויסגעלאַסענעם לעבען, טראָגען קליידער, וואס לאָזען איבער נאַקעט אַזעלכע טהיילען פון זייער קערפּער, וועלכע ערוועקען אין מענער דיא תאוה; אַלזאָ, נעהמען אונזערע אַנשטענדיגע דאַמען ביי זיי איבער דיעזע מאָדעם.

עס איז ניט גוט, ווייל וויא פיעל מען זאָל דיא ליעבע, אַלס ציעל פון געשלעכטליכע פערהעלטניסע, ניט באַפּוצען מיט פּאָעזיע, פּאַסט אַזאַ ציעל פאָרט ניט פאַר'ן מענשען, פונקט וויא פאַר איהם פּאַסט ניט, אַלס ציעל, צו שטרעבען צו זיסע און רייכע שפּייז.

און דער שלום דערפון איז, אַז מען דאַרף אויפהערען

צו דיינקען, דאָס דיא קערפּערליכע ליעבע איז עטוואָס הוי־
כעס, ערהאַבענעס; מען דאַרף פאַרשטעהן, אַז דער ציעל, וועל־
כער פּאַסט זיך פאַר אַ מענשען בעשטעהט גאַר אין דעם, דאָס
ער זאָל דיענען דער מענשהייט, אָדער זיין פאַטערלאַנד, אָדער
דער וויסענשאַפט, אָדער דער קונסט (שוין ניט ריידענדיג ווע־
גען דיענען גאָט), און אַז דיעזער אמת'ער מענשליכער ציעל
ווערט ניט עררייכט דורך דעם, וואס מען פעראייניגט זיך מיט
דער געליעבטער פּערזאָן, צי מיט הייראַטה, צי אָהן הייראַטה,—
נור פאַרקעהרט, אַז פערליעבטקייט און פעראייניגונג מיט דער
געליעבטער פּערזאָן, העלפט קיינמאָל ניט דערגרייכען דעם
ציעל, וועלכער פּאַסט זיך פאַר'ן מענשען. אין פּאָעזיע און אין
פּראָזא סטאַרעט מען זיך צו בעווייזען, אַז דיא פערליעבטקייט
מאַכט דעם מענשען בעסער, איידעלער; עס איז אבער ניט
אמת. — דאָס איז פינפטעס.

אָט דאָס איז דער עיקר פון דעם, וואָס איך האָב געוואָלט
זאָגען, און געגלויבט, אַז איך זאָג אין מיין ערצעהלונג. מיר
האָט זיך גערוכט, אַז מען קען דעבאַטירען וועגען דעם, וויא
אַזוי דיא אָנגעוויעזענע פעהלערען צו פאַררירכטען, אָבער אַז ניט
איינפערשטאַנען זיין, אַז דאָס זיינען פעהלערען, איז אונמעג־
ליך. מיר האָט זיך גערוכט, אַז ניט איינפערשטאַנען זיין מיט
דיעזע ערקלעהרונגען איז אונמעגליך, ערשטענס, ווייל זיי שטי־
מען מיט מיט דעם כאַראַקטער פון דעם מענשליכען פּראָגרעס,
וועלכער געהט פון מעהר צולאָזענהייט צו אַלץ גרעסערע און
גרעסערע אנשטענדיגקייט און געשלעכטליכע ריינקייט — צו
אַ העכערע געזעלשאַפטליכע מאָראַל; מיר האָט זיך גערוכט,
אַז דיעזע ערקלעהרונגען שטימען מיט מיט אונזער געוויסען,
וועלכער פערדאַמט אימער דיא הולטייסטוואָ און לויבט גע־
שלעכטליכע ריינקייט; צווייטענס, ווייל דיעזע ערקלעהרונגען
מיינע זיינען אונפערמיידליכע שליסע פון דיא לעהרען פון דעם
נייעם טעסטאַמענט, וועלכע מיר, קריסטען, פּרעדיגען, אָדער

אנערקענען וויניגסטענס (הגם אפשר אליין דאָס ניט וויסענ־דיג), אלס דעם פונדאמענט פון אונזער בעגריף וועגען א מאָ־ראַלען לעבען.

אזוי האָט זיך מיר געדוכט. עס האָט זיך אָבער ארויס־געצייגט גאנץ אנדערש.

אמת קיינער לייקענט ניט אָפען, אז מען דארף ניט הול־טעווען פאר דער חתונה אָדער נאָך דער חתונה, אז מען דארף ניט פערניכטען קיין קינדער־געבורט, אז מען דארף פון קינ־דער ניט מאכען בלויז א תענוג פאר זיך, און אז מען דארף דיא קערפערליכע ליעבע ניט שטעלען העכער וויא אלעם אנדע־רעם; קורץ קיינער לייקענט ניט, אז געשלעכטליכע ריינקייט איז בעסער וויא צולאָזענקייט. מען זאָגט אָבער: „אויב צו לעבען אָהן געשלעכטליכע פערהעלטניסע איז בעסער וויא צו לעבען מיט דיעזע פערהעלטניסע, דארפען דאָך מענשען טאָן דאָס וואָס איז בעסער; נו, אויב זיי וועלען אזוי טאָן וועט דאָך צו דער מענשהייט קומען א סוף. היינט וויא אזוי קען דאָס זיין דער אידעאל פון דער מענשהייט? וויא אזוי קען זיא אלס אידעאל האבען איהר אייגענע פערניכטונג? אבער ערשטענס איז דער געדאנק וועגען דער מענשהייט'ס פערניכ־טונג קיין נייער געדאנק ניט: פאר רעליגיעזע מענשען איז דאָס א טהייל פון זייער גלויבען אז צו דער וועלט מוז ווערען א סוף און ביי וויסענשאפטס־מענשען איז דאָס א'ן אונפער־מיידליכער שלוס פון בעאָבאכטונגען, וואָס זיינען געמאכט געוואָרען וועגען דעם וויא דיא זונן ווערט ביסלעכווייז אָבגע־קיהלט (ביז ענדליך וועט דיא ערד פערליערען איהר קוואל פון וואַרימקייט און לעבען). צווייטענס שטעקט אין דיעזען אויסדרוק א מיספערשטענדניס. מען זאָגט מיר: „אויב מענ־שען וועלען דערגרייכען דעם אידעאל פון פאָלשטענדיגע גע־שלעכטליכע ריינקייט פון „אויסווייכען פרויען, וועלען זיי

פערניכטעט ווערען, וועט זייער מין זיך ענדיגען; **אַלזאָ איז** דאָס ניט קיין ריכטיגער אידעאַל". אָבער דיא וואָס **זאָגען** דאָס, מישען צוזאַמען צוויי בעזונדערע זאכען; כּללים, געזעצע מישען זיי צונויף מיט אַ אידעאַל.

געשלעכטליכע ריינקייט איז ניט קיין כּלל אָדער געזעץ, נור אַ אידעאַל,—ריכטיגער געזאָגט, איינע פון זיינע בעדינגונגען. און אַ אידעאַל איז אַ אידעאַל בלויז דאַן, ווען זיין עקזיסטענץ איז מעגליך נור אין דער אידעע, אין דעם געדאנק, ווען זיין פערווירקליכונג שטעלט מען זיך פאָר בלויז אין דער אונענדליכער צוקונפט, און ווען דיא מעגליכקייט צו ערגרייכען איהם איז אויך אַ זאַך פון אונענדליכקייט. ווען אַ אידעאַל וואָלט ניט נור געקענט ערגרייכט ווערען, נור מיר וואָלטען געקענט זיך פאָרשטעלען זיין פערווירקליכונג, וואָלט ער אויפגעהערט צו זיין אַ אידעאַל. אַט לאָמיר נעהמען דעם אידעאַל פון יעזוס קריסטוס—אויפצושטעלען גאָט׳ס הערר־שאַפט אויף דער ערד, דאָס איז דער אידעאַל, וועלכען דיא נביאים האָבען פאָראויס־געזאָגט, ווען זיי האָבען ערקלעהרט, אַז עס וועט קומען אַ צייט ווען אַללע מענשען וועלען זיך אָפּ־לערנען פון גאָט,—ווען זיי וועלען איבערשמידען זייערע שווער־דען אויף אַקער־אייזענס, זייערע שפּיזען אויף שנייד־מעסערס, ווען אַ לייב וועט ליגען מיט אַ קעלבעלע, ווען אַלע בעשעפע־ניסען וועלען זיין פעראייניגט דורך ליעבע. דער גאַנצער זינן פון דעם מענשליכען לעבען בעשטעהט אין דעם, וואָס מען דאַרף זיך בעוועגען פאָרווערטס אויף׳ן וועג צו דיעזען אי־דעאַל צו; דיא שטרעבונג צו דעם דערמאָנטען קריסטליכען אידעאַל מיט אַללע זיינע איינצעלהייטען, הייסט אויך דיא שטרעבונג צו געשלעכטליכע ריינקייט, אַלס איינע פון דיא בעדינגונגען פון דיעזען אידעאַל; דאָס הייסט דעריבער ניט אז דאָס לעבען דאַרף אונמעגליך ווערען, נור פאַרקעהרט.

עס הייסט, אז אַהן דיעזען קריסטליכען אידעאל (פון אמת'ע פריעדען, ליעבע, ברידערליכקייט און ריינקייט) וואָלט דיא מענשהייט זיך ניט בעוועגט פאָרווערטס, און עס וואָלט קיין לעבען ניט געווען.

ווען מען זאָגט, אז עס וועט קומען א סוף צו דער מענש־הייט, אויב מען וועט מיט אַלע קרעפטען שטרעבען צו גע־שלעכטליכע ריינקייט, איז דאָס עהנליך צו דער ערקלערונג, אז דיא מענשהייט וועט אומגעבראכט ווערען, אויב אנשטאָט צו קעמפפען צווישען זיך פאר זייער עקזיסטענץ, וועלען זיי מיט אַלע קרעפטען שטרעבען צו פערווירקליכען דעם אידעאל פון ליעבע צו פריינד, צו פיינד, צו יעדער לעבעדיגער זאַך. עס זיינען פאראן צוויי גאנץ פערשיעדענע ארטען, וויא אזוי צו בעשטימען אונזערע מאָראלע פפליכטען, און דיעזע פאלשע טענות הערט מען נור פון דיא, וואָס פערשטייען ניט דעם אונטערשיעד צווישען דיעזע צוויי ארטען.

ווען א רייזענדער פרעגט ביי אייך וויא אזוי צו פאָהרען אין א געוויסען פלאץ, איז פאראן צוויי ארטען, וויא אזוי איהם דאָס צו ווייזען. פונקט אזוי זיינען פאראן צוויי ארטען וויא אזוי אנצואווייזען דעם ריכטיגען מאָראלען וועג דעם מענשען וואָס זוכט דעם אמת.

איין מיטעל איז דעם רייזענדער צו זאָגען, וועלכע זאכען ער דארף בעגעגענען אויף זיין וועג כדי דיעזע זאכען זאָלען איהם דיענען אלס וועג־ווייזער.

דער אנדערער מיטעל בעשטעהט אין דעם, דאָס מען זאָגט דעם רייזענדער אין וועלכע ריכטונג ער דארף געהן, נאָך דעם קאָמפאס נאָך, וועלכען ער טראָגט מיט זיך. דיעזער קאָמפאס ווייזט איהם אימער דיא אמת'ע ריכטונג, ביי וועלכע ער דארף זיך האַלטען, און צייגט אָן יעדעס מאָל, וואָס ער געהט אָפּ אָן א זייט.

דאָס זעלבע איז ווען עס האנדעלט זיך וועגען ווייזען דעם מאָראלען וועג. איין שטייגער איז צו געבען אוי־

סערליכע כללים, דינים, מצוות, עבירות. דאָס הייסט, אַז מען גיט דעם מענשען בעשטימטע סמנים, צייכענס—זאַכען וואָס ער מעג טהאָן און זאַכען וואָס ער טאָר ניט טהאָן.

„האַלט שבת, זיי מל דיינע זיהן, ניט גנב'ע, ניט שכור, בעגעה ניט קיין מאָרד, גיעב מעשר, וואש זיך און דאַווען פינף מאָל אַ טאָג א. ז. וו."—דאָס זיינען דיא כללים פון אויסערליכע רעליגיעזע לעהרען—פון דער בראַמינישער, בור־דיסטישער, מאהאמעדאַנישער, אידישער און אַנדערע רעלי־גיאָנען.

דער אַנדערער שטייגער בעשטעהט אין דעם וואָס מען ווייזט דעם מענשען אָן אויף אַ מאָראַלע פאָלקאָמענהייט, וועלכע ער קען קיין מאָל ניט עררייכען, אָבער צו וועלכע ער דאַרף שטרעבען, און דיא שטרעבונג צו וועלכע דער מענש פיהלט אין זיך. דעם מענשען צייגט מען אָן דעם אידעאַל, און ער קען שטענדיג זעהן וויא ווייט ער טרעט אָפּ פון דעם וועג, וועלכער פיהרט צו דיעזען אידעאַל.(*

---

*) דאָ און אין דיא ווייטערע פּאָר שורות האָט טאָלסטאָי אין זינן אַ געוויסע שטעלע פון דער קריסטליכער תורה (נייער טעסטאַמענט). עס ווערט גערעדט וועגען אַ „פּרוש", וועגען אַ מיטגליעד פון דיא סעקטע פּרושים („פּאַריסעער"). יעזוס האָט מיט זיי געהאַט ויכוחים. ער האָט גע'טענה'ט, אַז זייער פרומקייט איז ניט מעהר וויא אַ צבועסטוואָ (דעריבער ווערט דער וואָרט „פּאַריסעי" געברויכט אין דעם זעלבען זינן וויא צבועק). זיי האָבען איהם אויפגעוואָרפען, אַז זיינע אַנהייגגער האַלטען ניט דיא דינים פון דער אידישער רעליגיאָן. אויף דעם האָט ער זיי געענטפערט, אַז זיי היטען נור דיא אויסערליכע זייט פון דער רע־ליגיאָן, אָבער אַז זיי האָבען ניט גאָט אין האַרצען. צו דעם זעל־בען פונקט בעלאַנגט אויך דיא פאָלגענדע מעשה'לע אין דעם נייעם טעסטאַמענט: אַ רייכער יונגער מאַן איז געקומען צו יעזוס'ען און געפרעגט, וואָס ער' זאָל טהאָן אום ער זאָל קענען ירשן'ען גאָט'ס מלוכה; (וויא טאָלסטאָי און היינטיגע פּראָטעסטאַנטישע פּרעדי־גער טייטשען דעם אויסדרוק, הייסט עס, דערגרייכען דיא העכסטע מדרגה פון מאָראַלע ריינקייט, הייליגקייט). דער יונגער מאַן האָט מקיים געווען אַלע מצוות און אויסגעמיעדען אַלע עבירות פון תורת משה; אָבער ווען יעזוס האָט איהם געהייסען אַוועקגעבען זיין גאַנצען פערמעגען, און געהן מיט איהם, האָט ער זיך ענטזאָגט. דאָס איז פאַר איהם געווען צו פיעל.

„ליעב דיין גאָט מיט דיין גאַנצען הארצען און מיט דיין גאַנצער נשמה, און מיט דיין גאַנצען פערשטאַנד, און אַנדערע מענשען ליעב וויא זיך אַליין. זיי פאָלקאָם אזוי וויא דיין הימעלשער גאָט איז פאָלקאָם".

דאָס איז קריסטוס'עס לעהרע.

ווען א רעליגיאָן גיט אויסערליכע לעהרען, קען מען זעהן אויב דער מענש איז רעליגיעז דורך דעם וואָס מען זעהט אויב זיינע פיהרונגעז שטימען מיט דיעזע לעהרען אָדער ניט (צי ער גנב'עט צי ניט, צי ער שכור'ט צי ניט, א. ז. וו.)

ווען איינער וויל אָבער וויסען אויב ער היט דיא לעהרען פון קריסטוס, דארף ער זיך פרעגען וויא וויט ער געהט אויף דעם וועג פון דער אידעאַלער פאָלקאָמענהייט, און וויא וויט ער פערקריכט אָן א זייט פון דיעזען וועג. (אויף וויא וויט ער קומט צו נעהענטער צו דעם אידעאַל, קען מען ניט זעהן, וויל דער אידעאַל איז אונענדליך וויט; מען קען בלויז זעהן וויא וויט ער געהט אראָפּ פון דעם וועג, וואָס פיהרט אהין).

דער, וואָס היט אָפּ בלויז דעם אויסערליכען רעליגיעזען געזעץ, איז געגליכען צו א מענש וואָס שטעהט אין א פלאַטץ, וועלכער איז בעלויכטען פון א לאַנטערן, וואָס הייננט אויף א שטאַנג. וואו ער שטעהט איז איהם ליכטיג, אָבער וויא אזוי וויטער צו געהן זעהט ער ניט. דער אָבער, וואָס געהט נאָך קריסטוס'עס לעהרע איז אזוי וויא א מענש, וואָס טראָגט א לאַנטערן מיט זיך, אויף ז'עם ברעג פון א שטעקען. ער האָט דיא שיין איממער פאר זיך, פאָראויס, און זיא ציהט איהם אַלץ צו זיך, און ענטדעקט פאר איהם איממער א נייעם, א בעלויכטענעם, א צוציהענדען שטח.

דער פּרוש („פּאַריסע“) דאַנקט גאָט דערפאַר וואָס ער ערפילט אַללע געבאָט *)

דער רייכער יונגערמאַן האָט אויך ערפילט אַלע געבאָט פון יוגענד אָן און ער קען ניט פערשטעהן וואָס איהם פעהלט; און דאָס איז גאַנץ נאַטירליך, אַנדערש דיינקען קען נען זיי גאָר ניט: פּאָראוים האָבען זיי ניט קיין אידעאַל צו וועלכען זיי זאָלען שטרעבען. מעשר האָבען זיי געגעבען, שבת היטען זיי, דיא עלטערן עהרען זיי, אויך לא תנאף, לא תגנוב, לא תרצח זיינען זיי ניט עובר. וואָס נאָך קען מען פון זיי ערוואַרטען? דער אָבער, וואָס האַלט דיא קריסטליכע לעהרע, פיהלט זיך גאַנץ אַנדערש: ווען ער דערגרייכט אַ געוויסע שטופע פון פאָלקאָמענהייט, רופט דאָס אין איהם בלויז אַרוים אַ בעדירפניס ארויפצוקומען אויף אַ העכערע שטופע, און ווען ער דערגרייכט איהר, זעהט ער פאַר זיך נאָך אַ העכערע, און אַזוי ווייטער אָהן אַ שיעור**); דער וואָס געהט נאָך דער קריסטליכער תורה געפינט זיך אימער אין דער לאַגע פון אַ מענשען, וואָס האַלט שטענדיג אין רייזען און האָט ניט קיין היים. ער האָט קיין מאָל ניט אין זינען דעם וועג, וואָס ער איז שוין אָבגעגאַנגען. ער זעהט שטענדיג פאַר זיך בלויז אַ נייעם וועג איבער וועלכען ער דאַרף נאָך געהן.

---

*) אָט פאַר דיעזען סאָרט געדאַנקען האָט דאָס דיא אָפּי־ציעלע רוסישע קירכע טאָלסטאָי׳ען אַריינגעלייגט אין חרם. דיעזע קירכע פאָדערט דיא אַנערקענונג פון אויסערליכע פאָרמען, וועלכע זיא האָט אָנגעבונדען דעם איבערליכען עיקר פון דער קריסטליכער לעהרע, וויא טאָלסטאָי פערשטעהט דאָס. אין דיעזע אויסערליכע פאָרמען לייקענט טאָלסטאָי.—איבערזעצער.

**) ווען טאָלסטאָי וואָלט געווען בעסער בעקאַנט מיט דער אידישער רעליגיאָן, וואָלט ער געוואוסט, אַז זיין גאַנצע לעהרע וועגען דיא מדרגות פון פאָלקאָמענהייט, למשל, געפינען זיך ביי דיא היינטיגע חסידים. אויך זיינען דיא חסידים ניש דיא איינציגע וואָס האָבען דיעזען זאָרט רעליגיעזע פילאָזאָפיע. אין זייער קבלה איז דאָס אָנגעקומען פון דיא בראַמינישע רעליגיאָן, פון אינדיען; אין פון דעם זעלבען קוואַל אָדער פון אַנדערע עהנליכע קוועלען האָט קריסטוס גענומען זיינע דרשות.—איבערזעצער.

אָט אין דעם בעשטעהט דער אונטערשיעד צווישען קריסטוס'עס לעהרע און דיא לעהרען פון אנדערע רעליגיאָנען. דאָס איז אַן אונטערשיעד ניט אין פאָדערונגען, נור אין דעם אָרט וויא אַזוי מען פיהרט דיא מענשען. קריסטוס האָט קיין מאָל ניט געמאַכט קיינע בעשטימונגען וועגען דעם לעבען. ער האָט ניט געגעבען קיינע כללים, ניט געגרינדעט קיינע ספּעציעלע רעליגיעזע פאָרמען, אפילו וועגען דער הייראַטה אויך ניט. נור מענשען, וועלכע פערשטעהען ניט ריכטיג דעם כאַראַקטער פון קריסטוס'עס לעהרע, און וועלכע זיינען צוגעוואוינט צו אויסערליכע פאָרמען און ווילען זיך פיהלען גערעכט פונקט וויא דיא פרושים האָבען זיך געפיהלט גערעכט,—אַזעלכע מענשען האָבען פון דעם בוכשטאַב פון קריסטוס'עס לעהרע אויסגעקנאָטען אַלערליי כללים און דינים און דיעזע געמאַכטע לעהרע זייערע גיעבען זיי אַרויס אַנשטאָט דיא אמת'ע קריסטליכע לעהרע וועגען אַ'ן אידעאַל.(*

*) טאָלסטאָי הויבט דאָ אָן צו ענטוויקלען זיינע געדאַנקען אַלס אַנהיינגער פון דער קריסטליכער רעליגיאָן, וויא ער פאַרשטייט איהר. אויף זיין שטייגער איז ער געוועזען אַן אמת פרומער קריסט— פיעל פרימער, יעדענפאַלס, וויא דיא גלחים וועלכע האָבען איהם אין חרם געלייגט, און וועלכע האָבען נאָך זיין טויט פערבאָטען פאַר איהם מתפלל צו זיין. ער האָט דיא קריסטליכע רעליגיאָן גרינדליך געשטודירט מיט אַלע פרושים אויף איהר, מיט אַלע וויכטיגע דעבאַטען וואָס זיינען אָנגעפיהרט געוואָרען וועגען איהר. פאַר איהם איז דאָס אַ מאָראַלע לעהרע וועגען ליעבע, פריעדען, פערצייהונג, ענוות, וועגען ברידערליכקייט, געשלעכטליכע ריינקייט. דיא קריסטליכע סאָציאַליסטען וואָלטען איהם ערקלעהרט פאַר איינעם פון זייערע, וואָרים זיי זעהען דאָך אויך אין דעם קריסטענטהום בלויז אַ הויכען מאָראַלישען אידעאַל פון ברידערליכקייט, פון מענשען־ליעבע, פון קאָמוניזמוס. אַלס איינער פון זייערע בעווייזע, אַז דיא קריסטליכע רעליגיאָן האָט אין איהר עיקר דיא וואָרצלען פון סאָציאַליזמוס, צייגען זיי אָן, אַז דיא ערשטע קריסטען האָבען געלעבט קאָמוניסטיש. ניט דאָ איז דער פלאַץ דיעזע אַרגומענטען צו בעטראַכטען; אויך איז דאָ ניט דער פלאַץ צו בעשפרעכען איבער דיא טייפעלשע מערדערליכקייטען און עקעלהאַפטע הולטייסטוואָס און פאַרברעכענס, מיט וועלכע עס איז באַפלעקט דיא געשיכטע פון קריסטענטהום, האָט אַ שייכות צו דעם עיקר פון דער קריסטליכער רעליגיאָן אָדער ניט. מיר וועלען בלויז

אזוי וויא אין דער אמת'ער קריסטליכער לעהרע איז ניטאָ קיין שום גרונד דיא הייראטה צו בעטראַכטען אלס א זאַך וואָס איז אנערקענט פון דער רעליגיאָן, איז ארויסגעקומען דאָס פאָלגענדע: אין דיא כללים און דינים, וועלכע דיא קירכע גיט וועגען הייראטה, גלויבט מען, אייגענטליך, ניט; פון דער אַנדערער זייט אָבער האַלט מען ניט קריסטוס'עס אידעאַל וועגען שטרעבען צו אַבסאָלוטע געשלעכטליכע רייני־קייט; אלזאָ גלייבט מען אין דיעזע זאַכען גאָר אָהן א וועג־ווייזער.

אידען און מאַכמעדאַנער, וועלכע אַנערקענען א גידע־

זאָגען, אַז רופען טאָלסטאָי'ען סאָציאַליסט קען מען קוים, און אַז זיין קריסטליכע רעליגיאָן איז ניט געווען בלויז אַ מאָראַלע לעהרע; אין אַ געוויסען גראַד איז ער טאַקי אויך געווען אַ „גלויביגער", אין דעם געוועהנליכען פשט פון דעם וואָרט. ער האָט ניט גע־גלויבט אין דיא צערעמאָניעס פון קריסטענטהום, אין קיין תפילות, אין קיינע אויסערליכע פאָרמען פון דער אמונה. ער האָט אָבער געגלויבט אין אַ געטליכקייט. און דיא קריסטליכע „תורה", „דער עוואַנגעליום", איז ביי איהם געווען ניט בלויז אַ מאָראַלישער „וועג־ווייזער", נור אין אַ געוויסער מאָס, וווינציגסטענס,—אַ היי־ליגטהום. טאָלסטאָי'ען האָט אימער געמאַטערט דיא פראַגע וועגען גאָט, וועגען אַ יענער וועלט, און זיינע אינערליכע מאַטערניס וועגען דעם האָט אפשר געהאַט אַ געוויסע שייכות צו זיין רעלי־גיעזען געמיטה. ווען ער וואָלט געלעבט אין ענגלאַנד אָדער אַמע־ריקא מיט אַ יאָהר 100 אָדער זאָגאַר 50 צוריק, וואָלט ער געוואָרען דער גרינדער פון אַ נייע רעליגיאָן, אַ נייע קריסטליכע סעקטע. דאָ אין דיעזען „נאַכוואָרט", סטאַרעט ער זיך צו בעווייזען, אַז דיא קריסטליכע רעליגיאָן שטעהט העכער פאַר דיא אַנדערע רעלי־גיאָנען. מען האָט איהם געענטפערט, אַז פון דיעזע אַנדערע רעלי־ליגיאָנען, הויפּטזעכליך פון דער אידישער, האָט דיא קריסטליכע רעליגיאָן געשעפּט דאָס וויכטיגסטע, אָט טאַקי דעם זעלבען מאָראַלען עיקר, וועלכען ער שטעלט דאָ פאָר. אָבער וועגען דעם איז אויך ניט דאָ דער פּלאַץ זיך צו פאַרשפּרייטען. אַלס דיינקער איז טאָלסטאָי ניט דער זעלבער ריעז, וויא אַלס קינסטלער. זיין „נאכוואָרט" צו דער „קרייצער סאָנאַטאַ" ווערט דאָ איבערגעזעצט בלויז ווייל עס איז וויכטיג צו זעהן וואָס דער פערפאַסער פון דער מערקווירדיגער ערצעהלונג האָט אַליין צו זאָגען וועגען דעם ענין, וועלכער ווערט אין איהר בעהאַנדעלט; און אגב האָט דער לעזער אין דיעזען „נאכ־וואָרט" אַ געלעגענהייט בעקאַנט צו ווערען מיט טאָלסטאָי דעם קריסט.—איבערזעצער.

ריגערע רעליגיאָן וויא דיא קריסטליכע(* אָבער וועלכע האָבען דייטליכע אויסערליכע דינים וועגען דער הייראַטה, היטען דיא טרייהייט פון פרוי צום מאַן און פון מאַן צו פרוי, אַ סך בעסער וויא קריסטען. גאַנץ איינפאַך: זיי וויסען קלאָהר וואָס זיי האָבען צו היטען; וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר ניט. דיא כלומרשטדיגע קריסטען אָבער האָבען אין זייער רעליגיאָן קיינע בעשטימטע דינים וועגען הייראַטה, אויסער דיא דינים, וועלכע דיא קירכע האָט שפּעטער צוגעקלעהרט און אין וועלכע זיי גלויבען ניט.

ביי דיא פּאַרצייטיגע אידען, אָדער ביי דיא מאַכמעדאַנער, בעשטימט דיא רעליגיאָן דייטליך, אַז מען מעג האָבען קעבס-ווייבער און אַז געזעצליכע פרויען מעג מען אויך האָבען מעהר וויא איינע; און אויף דעם אַלעם ווערען אָנגעגעבען בעשטימטע גרענעצען. ביי אונז אָבער עקזיסטירט פאַלשטענדיגע צולאָזענהייט. מען האָט קעבס-ווייבער און אַללערליי ווייבער אָדער מענער, און קיין גרענעץ איז דערביי ניטאָ; און דאָס אַלעם ווערט פאַרבאָרגען אונטער דער מאַסקע פון געזעצליכען הייראַטה פון איין מאַן און איין פרוי. דיא גלחים פראַווען דיא הייראַטה צערעמאָניע בלויז איבער אַ טהייל פון אונזערע מענער און פרויען. דיא איבעריגע האָבען געשלעכטליכע פערהעלטניסע אָהן צערעמאָניעס, אָהן כללים און אָהן דינים. הייסען הייסט עס אָבער, אַז דיא גאַנצע מענשהייט לעבט אין געזעצליכען הייראַטה פון איין פרוי מיט איין מאַן. דער אידעאַל פון אַ קריסט איז ליעבע צו גאָט און צו מענשען, דאָס אָפּפערען מיט זיך אום צו דיענען גאָט און מענשען; דיא קערפּערליכע ליעבע אָבער, דיא הייראַטה, הייסט דיענען זיך אַליין, און דעריבער שטערט עס יעדענפאַלס צו דיענען גאָט און מענשען; פון אמת'ן קריסטליכען

*) זעה נאָטיצען אונטער די פאָריגע זייטלעך.—איבערזעצער.

שטאַנדפּונקט איז דיא קערפּערליכע ליעבע, אָדער דיא הייראטה דאריבער א זינד.

דיא הייראַטה קען ניט העלפען דיענען גאָט און מענשען אפילו דאַן ווען מען האָט אין זינען אַלס צוועק צו האָבען קינדער, פאָרטצוזעצען דיא מענשהייט. אנשטאָט צו הייראַטהען אום צו שאַפען נייע קינדער־לעבענס, זאַלען אַזעלכע מענשען בעסער אונטערשטיצען און ראַטעווען מיליאָנען קינדער, וועלכע לעבען שוין און וועלכע ווערען אומיעבראַכט פון דעם, וואָס עס פעהלט זיי שפּייז; איך רייד שוין ניט פון גייסטיגע שפּייז, איך מיין איינפאַכע שפּייז, צום עסען. ווען דער קריסט וואָלט אַרום זיך געזעהן, אַז אַללע קינדער זיינען בעזאָרגט מיט חיונה, מיט לעבען, ערשט דאַן וואָלט אפשר געהאַט אַ זינן, ווען ער וואָלט געהייראַטה מיט דעם צוועק צו שאַפען נייע קינדער־לעבענס.

מיט קריסטוס'עס לעהרע איז דורכגעדרונגען אונזער גאַנצער לעבען, און אויף איהר איז געבויט אונזער גאַנצע מאָראַל. ווען איינער נעהמט דיעזע לעהרע ניט אָן איז אן אַנדער זאַך. איין מאָל נעהמט מען איהר אבער יע אָן, מוז מען שוין אַנערקענען, אַז זיא ווייזט אָן אויף אן אידעאַל פון פאָלשטענדיגע געשלעכטליכע אונשולדיגקייט.

אין עוואַנגעליום שטעהט דאָך בפירוש, ערשטענס, אַז א פערהייראַטער מאַן טאָר זיך ניט גט'ן מיט זיין פרוי אום צו נעהמען אן אַנדערע, נור ער מוז לעבען מיט דער, מיט וועלכער ער איז זיך איין מאָל צוזאַמענגעקומען (מתתיהו, קאַפּיטעל 5, פּסוק 31 און 32; און קאַפּיטעל 19, פּסוק 8); צווייטענס שטעהט אין עוואנגעליום, אַז א מענש, — דאס הייסט סתם א מענש, צי א פערהייראַטער צי אן אונפערהייראַטהער, טאָר ניט קוקען אויף א פרוי וויא אויף א פערגניגען־זאַך. (מתתיהו, קאַפּיטעל 5, פּסוק 28 און 29); דריטענס, אַז דער, וואס איז ניט פערהייראַטה, דאַרף בעסער גאָר ניט הייראַטען, דאס הייסט ער

דארף בלייבען פאלשטענדיג ריין (מתתיהו, קאפיטעל 19, פסוק 10, 11 און 12).

ביי פיעלע מענשען וועלען דיעזע געדאנקען אויסקומען זאנדערבאר און זאגאר אלס א ווידערשפרוך; און זיי זיינען טאקע א ווידערשפרוך, אבער ניט איינער דעם אנדערען וויע־דערשפרעכען זיי, נאר אונזער גאנצען לעבען. דיא פראגע איז ווער האט רעכט? דיעזע געדאנקען אדער דיא מיליאנען מענשען מיט מיר צוזאמען? אט דאס האב איך גע־פיהלט אין דער שטארקסטער מדרגה, ווען איך בין געקומען צו דיא איבערצייגונגען, וועלכע איך דריק דא אויס. איך האב זיך גאר ניט געריכט, אז דער גאנג פון מיינע געדאנקען וועט מיר ברייגגען צו אזעלכע איבערצייגונגען. איך האב זיך אליין דערשראקען פאר דיא שליסע, צו וועלכע איך בין געקומען. איך האב געוואלט ניט גלויבען אין זיי; אבער ניט גלויבען איז אונמעגליך געוועזן; און הגם דיעזע שליסע ווידער־שפרעכען אזוי דעם גאנצען געבוי פון אונזער לעבען, הגם זיי ווידערשפרעכען אזוי דיא מיינונגען, וועלכע איך האב פריהער געהאט און וועלכע איך האב זאגאר אויסגעשפראכען, — בין איך פון דעסטוועגען געצוואונגען געוועזן זיי צו אנערקענען.

„אבער — וועט מען מיר זאגען — דאס זיינען דאך אלגעמיינע געדאנקען, וועלכע זיינען אפשר ריכטיג, זיי געהע־רען אבער בלויז צו קריסטוס'עס לעהרע און זיי דארפען געהיט ווערען פון דיא, וואס היטען דיעזע לעהרע; דאס לעבען איז אבער דאס לעבען, אין לעבען איז דיעזער אידעאל ניט דערגרייכבאר. און וויא קען מען דאס אנווייזען אויף א אידעאל וואס קען ניט ערדייכט ווערען און אזוי איבער־לאזען מענשען, ווען עס האנדעלט זיך וועגען איינע פון דיא ברענענדיגסטע פראגען, — וועגען אן ענין וואס שאפט דיא גרעסטע אונגליקען? וויא קען מען דאס זיי אין דעם איבער־לאזען בלויז מיט א ווייטען אונדערגרייכבארען אידעאל, אהן וועג־ווייזער?

„נעהמט, למשל, דעם ליידענשאַפטליכען יונגען מאַן. ער וועט צוערשט פיליײכט בעגייסטערט ווערן פאַר אַזאַ אידעאַל; ער וועט אבער ניט אויסהאַלטען; פריהער, שפּעטער וועט ער דורכפאַלען; און אַזוי וויא ער וויים ניט פון קיינע מאָראַלע כּללים וועגען דעם און אַנערקענט איבערהויפּט אַזעלכע כּללים ניט, וועט ער זיך אריינלאָזען אין פאָלשטענדיגע הולטייסטוואָ".

אַזוי רעדט מען געוועהנליך.

„אַזוי וויא דער קריסטליכער אידעאַל פון געשלעכטלי־כע ריינקייט איז ניט דערגרייכבאַר, דעריבער" — זאָגט מען — „קען ער ניט דיענען אַלס אַ וועג־ווייזער אין אונזער לעבען. מען קען וועגען איהם ריידען, טרוימען וועגען איהם; אבער צום לעבען איהם צופּאַסען קען מען ניט. אַלזאָ האט ער פאַר אונז קיין זינן ניט. וואס מיר דאַרפען, איז ניט קיין אידעאַל, נאָר אַ כּלל, אַ געזעץ, אַ וועג־ווייזער, וואס זאָל זיין נאָך אונ־זערע כּחות נאָך, לויט דיא מאָראַלישע קרעפטען פון דעם גע־וועהנליכען מענשען פון אונזער געזעלשאַפט. מיר דאַרפען אַזאַ הייראַטה, וויא אַן אַנשטענדיגע הייראַט אין דער קירכע, ווען איינער פון דיא פאָר פּאָלק, דער מאַנסביל, האט שוין געהאַט פערהעלטניסע מיט פיעלע פרויען; אדער ווייניגסטענס אַ געזעצליכע הייראַטה אָהן דער קירכע; אדער (ווען מען זאָל אַזוי געהן ווייטער אויף דעם זעלבען וועג) אַזאַ הייראַטה וויא אין יאַפּאַן, וואו מען האט חתונה אויף אַ געוויסען טער־מין, אויף עטליכע יאהר אדער עטליכע מאָנאַטען", — נו, היינט פאַרוואס זאָל מען שוין אויך ניט דערגעהן צו אונאַנשטענדיגע הייזער? מען זאָגט דאָך, אַז דאס איז יעדענפאַלס בעסער וויא גאַסען־הולטייסטוואָ. אָט דאס איז דאָך דיא צרה: איין מאָל ערלויבט מען זיך אַראָפּצולאָזען דעם אידעאַל, ווייל מען איז צו שוואַך איהם צו היטען, קען מען שוין ניט געפינען קיין גרענעץ, וואו זיך אבצושטעלען.

דיעזע טענות זיינען אבער פון אנהויב אָן פאַלש. ערש־טענס, איז ניט אמת, אַז אַ אידעאַל פון אונענדליכע פּאָלקאָ־

מענהייט קען ניט דיענען אַלס וועג־ווייזער אין לעבען; עס איז ניט אמת, אַז קוקענדיג אויף דיעזען ווייטען אידעאַל, מוזען מיר טהאָן איינס פון דיא צוויי: ענטוועדער א מאַך טהאָן אויפ'ן אידעאַל מיט'ן האַנד און זאָגען, אַז ער טויג אונז ניט, ווייל מיר קענען צו איהם קיין מאָל ניט צוקומען, אדער איהם ארונטערלאָזען צו אַזאַ שטופע, אויף וועלכע מיר וואָלט זיך וועלען שטעהן, ווייל איך בין שוואַך און קען העכער זיך ניט האַלטען.

אַזוי צו ריידען איז דאס זעלבע וויא ווען א שיפס־קאַפּי־טאַן זאָל צו זיך זאָגען: „אַזוי וויא איך קען ניט שווימען פונקט איבער דעם פּאַס, וועלכען מיין קאָמפּאַס ווייזט אָן, וועל איך דעם קאָמפּאַס גאר אַוועקוואַרפען, אדער איך וועל אויפהערען אויפ'ן קאָמפּאַס צו קוקען, אדער אַז ניט, וועל איך דעם וויי־זער פון קאָמפּאַס צוהאַלטען ביי דעם אָרט, וואס שטימט מיט מיט דעם, וויא מיין שיף געהט אין דיעזער מינוט. דער פּאָל־קאָמענהייט־אידעאַל, וועלכען קריסטוס גיט אונז, איז ניט קיין טרוים; אויך איז דאס ניט גוט בלויז פאר שעהנע דרשות; דאס איז א וועג־ווייזער פאר דעם מאָראַלען לעבען פון מענשען, א וועג־ווייזער, וועלכען זיי איז נויטיג צו האבען און מיט וועלכען זיי איז ניט שווער זיך צו בענוצען. מען דאַרף נור אין דיעזען וועג־ווייזער גלויבען; מען דאַרף נור האבען צוטרוי צו איהם. אין וואס פאר א לאַגע דער מענש זאָל זיך ניט געפּי־נען, איז אימער גענוג דיעזער אידעאַל, אום צו וויסען וואס מען דאַרף טהאָן און וואס מען דאַרף ניט טהאָן. גלויבען בלויז אין דיעזע לעהרע, און אויפהערען צו גלויבען אין אַלע אַנדערע לעהרען — דאס טאָר מען ניט, פונקט וויא דער שיפס־קאַפּיטאַן טאָר זיך ניט פערלאָזען בלויז אויפ'ן קאָמפּאַס און אויפהערען צו קוקען וואס עס טהוט זיך ארום איהם אויפ'ן ים. מען דאַרף

וויסען וויא זיך צו בענוצען מיט דער קריסטליכער לעהרע פונקט וויא מען דארף וויסען וויא זיך צו בענוצען מיט'ן קאָמפּאַס; און דאס וויכטיגסטע דערצו איז, אז דער מענש זאָל פערשטעהן זיין לאַגע; ער דארף האבען דעם מוטה ריכטיג צו בעשטימען אויף וויא פיעל ער טרעט אָפּ פון דער אידעאַלער ריכטונג. אויף וועלכער שטופע ער זאָל ניט שטעהן, האט ער אַלץ דיא מעגליכקייט צוצוקומען נעהענטער צו דעם אידעאַל פון גע־שלעכטליכע ריינקייט; און וויא הויך ער זאָל ניט שטעהן אין דיעזערבעציהונג, דארף ער אַלץ שטרעבען צו א נאָך הע־בערער שטופע. אזוי דארף דער מענש שטרעבען צו דעם קריסטליכען אידעאַל אין אַלגעמיין און אזוי דארף אויך זיין זיין שטרעבונג צו דעם אידעאַל פון אבסאָלוטע געשלעכטליכע אינבעפלעקטקייט.

נעהמט דיא צוויי פונקטען: דיא געשלעכטליכע אונשול־דיגקייט פון א קינד, און דער פערהייראַטער לעבען פון א מענ־שען, וואס גיט נאָך זיין תאוה אָהן א גרענעץ. צווישען דיעזע צוויי פונקטען קענען זיין פערשיעדענע שטופען, פערשיעדענע גראַדען, און אויף יעדער פון דיעזע שטופען קען דער קריסטלי־כער אידעאַל דיענען אַלס וועזער וואס מען דארף טהאָן און וואס ניט.

וואס זאָל טהאָן א ריינער בחור'ל אדער מיידעל?

זאָלען זיי בלייבען פריי פון דעם יצר הרע און מיט דעם צוועק צו זיין אין שטאַנד זיך אבצוגעבען צו דיענען גאָט און לייטען, זאָלען זיי שטרעבען צו אַלץ מעהר ריינקייט פון זייע־רע געדאַנקען און פון זייער בעגעהרען?

וואס זאָל טהאָן א יונגער בחור'ל אדער א מיידעל, וועלכע זיינען שוין אריינגעפאַלען צום יצר הרע אין דיא הענט, וועלכע זיינען פארטהאָן אין געדאַנקען סתם וועגען ליעבע אדער וועגען

ליעבע צו א געוויסע פערזאָן, און וועלכע האבען דורך דעם פער־לאָרען א געוויסע טהייל פון זייער מעגליכקייט צו דיענען גאָט און מענשען?

דער אנטוואָרט איז דער זעלבער: זאָלען זיי זיך ניט אפּ־לאָזען, זאָלען זיי ניט נאכגעבען דעם יצר הרע, ווארים אזא נאכגעבענים וועט זיי פון איהם ניט בעפרייען, נור, פערקעהרט, פערגרעסערען זיין מאכט איבער זיי; זאָלען זיי שטרעבען צו העכערע געשלעכטליכע ריינקייט אום צו קענען בעסער דיענען גאָט און מענשען.

וואס זאָלען טהאָן מענשען, וואס האבען ניט אויסגעהאל־טען דעם קאמפּף, מענשען, וואס זיינען שוין געפאלען און שוין געהאט געשלעכטליכען פערקעהר?

זאָלען זיי אויף זייער פאלען ניט קוקען וויא אויף א געהע־ריגען, נאטירליכען תענוג, וויא מען קוקט אויף דעם היינט, ווען דאס ווערט אנגענומען אלס א געזעצליכע זאך דורך דעם, וואס מען מאכט א חתונה צערעמאָניע; זאָלען זיי דאס אויך ניט בעטראכטען וויא א פערגניגען, וועלכען זיי האבען געהאט פאַ'בייגעהענדיג און וועלכען זיי קענען נאָך אמאָל האבען מיט אַן אנדער פרוי אָדער מאנספּארשוין; אויך זאָלען זיי ניט בעטראכטען אלס אַן אונגליק, ווען זיי האבען דיא געשלעכט־ליכע פערהעלטניסע געהאט מיט א פערזאָן, וואס איז ניט זייער גלייכען, און אָהן א חתונה־צערעמאָניע; זאָלען זיי אויף דיעזען ערשטען מאָל, וואס זיי האט דאס פּאסירט, קוקען וויא אויף דעם איינציגען מאָל, וואס זיי קען דאס פּאסירען; דאס הייסט, זיי דארפען דאס בעטראכטען אלס זייער הייראט מיט יענער פערזאָן אויפ'ן גאנצען לעבען.

ווען מען הייראטה און מען האט קינדער, קען מען גאָט און מענשען דיענען בלויז אין א בעשריינקטער פאָרמע. פאר

דער חתונה קען דער מענש דיענען גאָט און מענשען אויף דיא פערשיעדענסטע ארטען. דיא הייראַט פערקלענערט דעם קרייז פון זיין טהעטיגקייט און פאָדערט אז ער זאָל האָדעווען און ערציהען דיא קינדער, וואס ווערען געבאָרען פון דיעזער הייראַטה, דאס הייסט האָדעווען און ערציהען מענשען, וואס וועלען אין דער צוקונפט דיענען גאָט און מענשען.

וואס זאָל טהאָן א מאַנסבילל אָון א פרויענצימער, וועלכע זיינען פערהייראַט און וועלכע דיענען גאָט און מענשען אויף דעם דערמאָנטען בעשריינקטען שטייגער דורך דעם, וואס זיי האָדעווען און ערציהען זייערע קינדער?

וויעדער דאס זעלבע: זאָלען זיי שטרעבען זיך צו בעפרייען פון דעם יצר הרע, פון זינד; זאָלען זיי שטרעבען זיך צו רייניגען און אויפצוהערען צו פאַלען. אנשטאַט צו האבען דיא פערהעלטניסע, וועלכע שטערען זיי צו דיענען גאָט און מענשען, זאָלען זיי צוזישען זיך האבען ריינע פערהעלטניסע; זאָלען זיי לעבען וויא א ברודער און א שוועסטער.

עס איז אלזאָ ניט אמת, אז מיר קענען זיך ניט בענוצען מיט דעם קריסטליכען אידעאַל, ווייל ער איז צו הויך, צו פאָלקאָם, אונדערגרייכבאַר. מיר קענען מיט איהם זיך ניט בענוצען, ווייל מיר זאָגען זיך אליין ליעגען, ווייל מיר נאַרען זיך אליין אָפּ.

ווען מיר זאָגען, אז מיר מוזען האבען כללים, וועלכע עס זאָל זיין לייכטער צו היטען, און אז אויב ניט, מוזען מיר גאר אריינפאַלען אין א הולטייסקען לעבען, — ווען מיר זאָגען אזוי, הייסט דאס דאָך ניט, אז קריסטוס'עס אידעאַל איז פאר אונז צו הויך; עס הייסט נור, אז מיר גלויבען אין איהם ניט, און אז מיר ווילען אונזער אויפפיהרונג ניט בעשטימען לויט דיעזען אידעאַל.

ווען מיר זאָגען, אז איין מאָל גיבען מיר נאָך דעם יצר הרע אָהן הייראַט, פאַלען מיר שוין אריין אין הולטייסטוואָ, הייסט

דאָך דאס בלויז, אז מיר האבען שוין פאראויס אבגעמאכט ביי זיך, אז נאכצוגעבען דיא תאוה מיט א פרויענצימער, וועלכע איז ניט אונזער גלייכען, איז ניט קיין זינד, נור א שטיפעריי, א פערגניגען, וועלכע עס איז גאָר ניט נויטיג צו פעררינכטען מיט דעם, וואָל מיר וועלען איהר הייראטהען. פערקעהרט אָבער, ווען מיר וואָלטען פערשטאַנען, אז אזוי נאָכצוגעבען דעם יצר הרע איז אַ זינד, וועלכע מען קען און מען מוז פעררינכטען מיט איי־ביגע הייראטה און מיט דעם, וואָס מיר וועלען ערציהען אונזערע קינדער — ווען מיר וואָלטען דאס אזוי פערשטאַנען, וואָלטען מיר אין קיין הולטייסטוואָ ניט ארייננעפאַלען.

שטעלט אייך פאָר א פארמער, א פעלד־ארבייטער, וואס האט אַזאַ כלל: ווען ער פערזייט תבואה און עס וואקסט ניט גוט, הייסט דאס גאר ניט פארזייט; און דעריבער וואָלט ער זיך מייאש געווען, דיא פעלד געוואָרפען, פארזייט אויף א צווייטען פּלאַץ, און אויב דאָרטען וועט זיך אויך ניט איינגעבען, איז אויף א דריטען פּלאַץ, ביז עס וועט זיין געראָטען. אַזאַ פארמער וואָלט נאַטירליך איבערגעפיהרט אַ סך קערנער און ערד און וואָלט זיך קיין מאָל ניט אויסגע־לערנט זייהען. מאכט נור דיא אבסאָלוטע געשלעכטליכע ריינ־קייט פאר אייער אידעאַל, זאָגט זיך, אז מיט ווערמען איהר זאָלט ניט נאכגעבען דעם יצר הרע מוז שוין דאס זיין אייער איינציגע הייראטה אויפ'ן גאַנצען לעבען, און אייך וועט דייטליך ווערען, אז קריסטוס'עס ווענ־ווייזער איז ניט נור גענוג, נור אז דאס איז דער איינציגער, וואס מען קען האבען.

„דער מענש איז שוואך; מען מוז איהם געבען כללים, וועלכע זיינען ניט איבער זיינע קרעפטען"—זאָגט מען. דאָס איז אָבער אזוי וויא איינער וואָלט געזאָגט: „דיא הענט זיינען ביי מיר שוואך; איך קען דעריבער ניט מאכען קיין גלייכען פּאַס. דעריבער וועל איך מאכען א קרומען, א געדריי־טען פּאַס. א גלייכער פּאַס פון איין פּונקט צו דעם אַנדערען איז דער קירצסטער פּאַס וואס מען קען מאכען. דאָס הייסט

אַלזאָ, אַז אַזוי וויא איך בין צו שוואך צו מאַכען אַ קירצערען מאָס וועל איך פאַר מיין מוסטער נעהמען אַ קרימערען, דאָס הייסט אַ לייגגערען מאָס. ניין,—וואָס שוואַכער מיין האַנט איז, אַלץ אַ פאָלקאָמענערען מוסטער מוז איך האָבען.

ווען מען איז בעקאַנט מיט דעם קריסטליכען אידעאַל, קען מען זיך ניט אויספיהרען אַזוי וויא מיר וואָלטען פון איהם ניט געוואוסט, און אַנשטאַט איהם געברויכען אויסערליכע בעשטימונגען און כללים. דער קריסטליכער אידעאַל איז דעם מענשען געגעבען געוואָרען טאַקי דערפאַר ווייל ער קען איהם איצט דיענען אַלס וועג-ווייזער. אין אויסערליכע רעליגיעזע כללים גלויבט שוין היינט קיינער ניט. דיא מענשהייט איז צו ענטוויקעלט דערצו.

דיא קריסטליכע לעהרע וועגען אַן אידעאַל איז דיא איינציגע לעהרע, וועלכע קען פיהרען דיא מענשהייט אויף'ן ריכטיגען וועג. מען דאַרף ניט, מען טאָר ניט אוועקמאַכען דיעזען אידעאַל אַן אַ זייט און אַנשטאַט איהם געברויכען אוי־סערליכע כללים; מען דאַרף דיעזען אידעאַל פעסט האַלטען פאַר דיא אויגען, און דער עיקר איז, אַז מען דאַרף גלויבען אין איהם.

דעם מענשען וועלכער שווימט ניט ווייט פון ברעג, קען מען זאָגען: „האַלט זיך ביי יענעם בארג, ביי יענעם טהורעם א. ז. וו."

עס קומט אָבער אַ צייט, ווען דיא שווימער דערווייטערען זיך פון ברעג, און ווען אַלס וועג-ווייזער קען זיי בלויז דיענען אַ ווייטער, ווייטער שטערען, וועלכען זיי קענען ניט דערגריי־כען, אָדער אַ קאָמפּאַס, וועלכער ווייזט זיי וואוהין צו שווימען.

אַזאַ שטערען און אַזאַ קאָמפּאַס איז דער קריסטליכער אידעאַל פון אַבסאָלוטע געשלעכטליכע איינגעהאַלטענקייט און ריינקייט.



